# יודישע פאלקס־צייטונג

12 August 1903. פערלאג „פאלקס־בילדונג" ווארשא. י"ט אב תרס"ג.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“ איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

# „הילף“

## די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

## געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם דאזיגען סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די בעסטע שריפטשטעלער, וואס שרייבען זשארגאן אונ העברייאיש אונ אויך די וואס שרייבען אין אייראפייאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.

ביז יעצט האבען זיך אנגערופען מיטצואורבייטען אין זאמעל-בוך „הילף“: נישט יודישע שריפט-שטעלער: לעוו טאלסטאי; מאקסים גארקי; וולאדימיר קאראלענקא; אנטאן טשעחאוו; עליזא ארזשעשקא; ראשעל חין; פראפעסאר באזשענאוו.

יודישע שריפטשטעלער: מענדעלי מוכר ספרים; שלום עליכם; דוד פרישמאנן; בן-עמי; עזרא גאלדין; מנשה מרגליות; אלעזר שולמאן; ד״ר מ. י. בערדיטשעווסקי; מרדכי בן הלל הכהן; ד״ר י. ליאקומאוויטש; מ. מ. הורוויץ; א. ד. ראזענטהאל; יעקב כהן; י. ח. ראבניצקי; יוסף יפה; דוד פינסקי; י. לערנער; יהודה שטיינבערג; ליפמאן לעווין; א. רייזען; ל. יפה; א. ש. זאקס.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 .
פירטעל־יעהרליך . . . 2.50 .
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלב־יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהר־ליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

# יודישע פאלקס־צייטונג

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“:
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פירטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פירטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל אונ דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.
פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קלייגע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.



## דער רבנים־קאנגרעס אין קראקא.

א יודישען סינאד האבען מיר נישט געהאט שוין באלד 2000 יאהר, זייט דאס בית־המקדש איז חרוב געווארען. די ערשטע צייט פונ'ם גלות האבען מיר נאך געהאט די יודישע האכשולען אין ארץ ישראל אונ אין בבל, וואס זייער אויטאריטעט האט געגילט פאר אלע יודען אויף די גאנצע וועלט. די האכשולע אין בבל איז אין די צייט פון די גאונים געווען איין ארט קאנסיסטאריום פאר כל ישראל. דארט איז געווען דאס צענטרום פונ'ם יודישקייט, א גזרה אדער א פסק, וואס איז פון דארט ארויס געגאנגען איז געווען הייליג פאר אלע יודען. די שטאדט סורא אין בבל איז געוועזען פיעל הונדערטער יאהר נאכ'ן חורבן, וואס ירושלים איז פריהער געווען — א גייסטיגער מיטעלפונקט פאר'ן יודישען פאלק.

טויזענט יאהר זענען יודען געווען אין אזא ביטערע לאגע, אז זיי האבען גאר נישט געקאנט דענקען אן א גייסטיגען מיטעלפונקט, אזוי ווי זיי האבען נישט געטראכט פון א פאליטישען צענטרום. פאר דריי הונדערט יאהר האבען אפילו די רבנים פון ארץ ישראל יא חושק געהאט איינצופיהרען „סמיכה“, ד. ה. אז די רבנים פון ארץ ישראל זאלען האבען רשות צו געבען די רבני'שע אויטאריטעט וועמען זיי ווילען אונ ביי זיי וואלט דורך דעם געווען דאס גייסטיגע צענטרום פונ'ם יודישען פאלק. אבער אנדערע רבנים האבען נישט געוואלט וויסען דערפון. דורך דעם פינסטערען גלות האבען זיך יודען געוואוינט מורא צו האבען פאר יעדע נייע איינפיהרונג. אלעם נייע האבען זיי חושד געווען, אז עס איז צו ווידער דעם רעכטען יודישקייט. די זאך איז נישט צושטאנד געקומען. נאר א רבנים־קאנגרעס איז יא דעמאלט דארט געווען, אין וועלכען 200 רבנים האבען טייל גענומען.

ארום דער איינענער צייט האט זיך אין פוילען, וואו די יודען האבען דעמאלט פרייער געלעבט ווי אויף דער גאנצער וועלט, געמאכט א „ועד שלש ארצות“ אונ דערנאך „ועד ארבע ארצות“. די רבנים אונ די „רעגירער“ (פרנסים) פון די קהלות זענען זיך אלע יאהר צוזאמענגעפאהרען אויף א גרויסען יריד, קיין יאראסלאוו אדער קיין גראמניץ אונ האבען בעראטען די יודישע לאגע אונ אלע יודישע ענינים. זיי האבען אויך מתקן געווען ניצליכע תקנות אונ גזרות פאר דעם פאלק. דאס קאן מען אבער נישט אנרופען א גייסטיג צענטרום, ווייל דארט האבען נישט די רבנים אליין געהאט די גאנצע דעה, נאר אויך די רעגירערס, די ראשי הקהל אונ מען האט נישט עוסק געווען בלוים אין רבנ'ישע זאכען, נאר אויך אין פאליטישע אונ סאציאלע פראגען. דאס איז געווען א מין יודיש פארלאמענט בלוים פאר פיער פוילישע לענדער. אזוינע יודישע ועדים זענען אויך געווען אין פראנקרייך אין דעם 12־טען יאהרהונדערט. אבער אויך נישט פאר די רבנים פון די גאנצע וועלט.

אין אונזער צייט, וואו דאס יודישע פאלק האט זיך אויפגעהאפט צו א פריש לעבען אונ וויל ווידער אנהייבען איינפיהרען ביי זיך א נאטירליכע געזונטע לאגע, האבען אונזערע דענקער, יונגערע אונ עלטערע געלעהרנטע, באלד דערפיהלט, אז אונז פעהלט א גייסטיג צענטרום. ווי אזוי אונ אויף וועלכען אופן דאס צו גרינדען, דעריבער זענען נאך די דעות נישט פאראייניגט אונ וועלען נישט אזוי גיך זיך איינינגען. לעת עתה בלייבען מיר ביי די וכוחים וועגען פארשידענע פראיעקטען.

דערווייל אבער ווערד באשאפען פאר אונזערע אויגען א מין גייסטיגער מיטעלפונקט אויף גאר איין אנדערען אופן, וואס מיר האבען זיך איהם אם ווייניגסטען געקאנט פארשטעלען אונ דורך מיטגלידער פון אונזער פאלק, וואס מיר האבען זיי שוין געהאלטען פאר אבגעשלאגענע הושענות, פאר מענשען וואס מען קאן זיך שוין פון זיי גאר נישט דערווארטען. די ארטאדאקסע רבנים פאהרען זיך צוזאמען אויף א וועלט־קאנגרעס אין קראקא, אין די אלטע שטאדט פון תורה אונ פון רבנישע אויטאריטעטען. זיי ווילען גרינדען א מין סינאד מיט א שטענדיג רבנים־קאמיטע, דורך וועלכעס אלע ארטאדאקסע

רבנים וועלען זיין פאראייניגט. די זאך איז נאך נישט קלאר. וואס עס וועט אוים דעם ווערען וועט ערשט דער קאנגרעס אליין בעשטימען. די פראגראמע, וואס די צייטונגען האבען אבגעדרוקט אים נאמען פון א פארברייטונגס־קאמיטע, זענען די רבנים נישט געפעלען. דאס פראגראם וועט ערשט דער קאנגרעס מאכען.

דער בעשאפער פון דעם רבנים־קאנגרעס איז הגאון ר׳ אהרן מענדל כהן, דער רב פון דער אשכנזישער יודישער געמיינדע אין קאירא (מצרים), א געבוירענער פון ירושלים, א יוד אין די פיערציגער יאהרען. ער ארבעט שוין אין דער זאך מעהר ווי צוויי יאהר. ער האט צעשיקט בראשורען אונ צירקולארע אונ האט די רבנים איינגע־לאדען צום קאנגרעס. מען קאן פארשטעהן, אז די רבנים האבען דעם מענש תחלת בעטראכט פאר א משוגע׳נעם: ס׳טייטש, ווי קומט ער צו אזא זאך? אלע האבען צוגעקוקט דאס גרייטע, יעדער האט גע־וואלט זעהן וואס אנדערע זאגען. פון דעסטוועגען האבען אסך רבנים פון פארשידענע לענדער צוגעזאגט צו קומען. ווי דאס אויבען דער־מאנטע פראגראם איז אבער אבגעדרוקט געווארען, וואו עס איז גע־שטאנען, אז דער קאנגרעס וועט בעהאנדלען פארשידענע ספקות אין דינים פון דער תורה אונ וועט איינפיהרען נייע גייטיגע תקנות אונ גזרות, — דא האט זיך געמאכט א רעש צווישען די רבנים אונ כמעט אלע זענען אויפגעטרעטען געגען דעם קאנגרעס. חסידים האבען פארשפרייט פלאטקעס, אז מען וויל מבטל זיין די תורה, מען וויל פארשידענע דינים אבשאפען, מען וויל חס-ושלום יודען מאכען פאר — ציוניסטען. דער קראקאווער רב איז אפילו נישט קיין פאנא־טיקער, ער האט אבער מורא געהאט פאר חסידים, וואס ציטערען פאר יעדער נייע זאך, זיי קענען איהם נאך מאכען א מאוס׳ען שם. אין דעם פראגראם איז אויך געווען א פונקט, אז דעם צווייטען טאג פון דעם קאנגרעס וועלען זיך די רבנים פארזאמלען אין דער קראקאווער אלטען שוהל אונ מען וועט איינלאדען די העכסטע בעאמטען אונ די רבנים וועלען שווערען, אז די עלילת דם איז שקר. אט דאס איז אויך קיינעם נישט געפעלען. דאס הייסט זיך צופיעל ארויבגעלאזט פאר די אנטיסעמיטען. ארענטליכע געבילדעטע מענשען גלויבען סאי ווי סאי נישט אן דעם אונ דער פעבעל וועט נישט וויסען אונ וועט נישט וועלען וויסען, אז די רבנים האבען געשווארען. דער קראקאווער רב האט דורך דעם געשריבען קיין קאירא, אז ער וויל נישט דעם קאנגרעס אין קראקא אונ אז ער זאל למען השם נישט קומען. אויך האט ער געשריבען פיעל רבנים, אז ער וועט זיך נישט בעטייליגען אן דעם קאנגרעס. דאס האט געמאכט א זעהר שלעכטען איינדרוק. אסך רבנים וואס האבען צוגעזאגט צו קומען, האבען זיך מונע געוועזן דערפון.

דער קאירער רב איז אבער נישט קיין איבערגעשראקען קינד. ער איז פארט געקומען קיין קראקא, כדי זיין אידעע אויסצופיהרען. ווי ער איז געקומען האט ער זיך געפונען גאנץ אליין, פארלאזען אין א פרעמד לאנד, קיינער האט נישט געוואלט וויסען פון איהם, דער רב האט איהם אבגעשאפט, די דינים האבען איהם אפילו קיין שלום נישט געגעבען. ערשט אין אפאר טאג איז דעם קאירער רב געראטען צו געווינען פאר זיך נישט נאר אלע חשוב׳ע בעלי־בתים, ציוניסטען! חסידים אונ פארטגעשריטענע, נאר אויך די פארשטעהער פון די יודישע געמיינדע אונ צום סוף אויך דעם רב, זיין גרעסטען מתנגד. ער איז זעהר א ליבער מענש אונ בעזיצט אן געוועהנליכע ענערגיע, רעדט עטליכע שפראכען, זיין הערליך אויסזעהן, זיין קלוג אויסטרע־טען אונ זיין ערנסט ארבייטען פאר׳ן כלל ציהען צו איהם צו אלע פארטייען אונ מען קאן זיך נישט איינהאלטען, מען זאל איהם נישט צוהעלפען, זיין אידעאל אויסצופיהרען. עס האט זיך באלד געגרינדעט אין קראקא א קאמיטע פון חשוב׳ע בעלי־בתים פון אלע פארטייען איהם מאראליש צו אונטערשטיצען מיט אלץ וואס איז נאר מעגליך, אזוי אויך די רבנים מקבל פנים צו זיין בכבוד. דער קולטוספארשטאנד האט ערלויבט איינצולאדען נאך אמאל די רבנים אויף זיין נאמען אונ ווי דער קאירער רב האט ערקלערט אין א צירקולאר. אז ער איז מבטל דאס פראגראם, וואס איז געווען געדרוקט אין די צייטונגען,

# פעליעטאָן.

## די חברה „כלי־זמר“.

די חברה כלי־זמר אינ׳ם שטעדטעלע ביעלינאווקע האט גע־האט זעהר ניט קיין שיינעם „נאמען“, אונ א שטעדטלשער בעל־הבית פלעגט צו זיי נאר אנקומען אין איין עת צרה, ד. ה. ווען ער פלעגט חתונה מאכען א טאכטער. איז אויך ניט צו אבי וועמען פון דער חברה, נאר צו לייזר דעם צימבלער—שוין א מענש אין די יאהרען מיט א ווייסליכער בארד, וואס האט איהם צוגעגעבען איין אויסזעהן פון א געזעצטען יודען...
די איבעריגע פון דער חברה זענען אלע געווען יונגע־לייט אונ האבען זיך געפיהרט אזוי, אז די שטעדטלשע בעלי־בתים האבען מיט די שטרענגסטע אזהרות פארבאטען זייערע קינדער צו האבען מיט זיי חלילה א מגע ומשא. אונ די בעלי־בתים, קאן זיין, זענען געווען גערעכט: זיי, די כלי־זמר, האבען אלע געשטאמט פון זעהר געמיינע עלטערן. בערל דער ערשטער פידלער, למשל, א בחור פון א יאהר 20 אין א שווארצען הארטען קראגען, וואס האט שטאלץ אונטערגעשפארט זיין לאנגען גארגעל,—איז געווען יענקל דעם טשעסלער׳ס א זוהן אונ יענקל דער טשעסלער, ווייסט א מינדסט־קינד אין שטעדטל, בויט אלע הייזער אונ שלעפט די שווערע בריוסעס, ווי איין אמת׳ער גוי... אודאי איז דאס ניט קיין גרויסער יחוס... לויבע, דער צווייטער פידלער, א הויי־כער אונ א דארער בחור אין א בלאה העמדל, פארנארטעלט מיט א רויטען שנור, איז געווען חיים־לייב דעם שניידער׳ס א זוהן, אונ חיים־לייב דער שניידער, ווייסט א מינדסט קינד, אז ער נייהט קליידער אפילו פאר פראסטע גוים אונ שעמט זיך ניט אראב נעמען א מאס א שיקסע... גרונם באס איז געווען חנן דעם בעדער׳ס א זוהן, אונ חנן דער בעדער האלט שוין 20 יאהר די באר אונ ער האט שוין פארגעסען דעם טעם פון א שבת׳דיגער שלישי אונ פון א רעכטען פסוק פון אתה הראית...
אהרציק קלארנעטיסט האט נעהאט א טאטען, וואס איז גאר מיאוס אויפ׳ן מויל ארויף צו ברענגען—איין ערדגרעבער אונ א מאמען—א וועשע־רין, וואס פלעגט זיך ניט שעמען שלעפען דעם גרויסען פאק גרעט סיי זומער, סיי ווינטער צום טייך אונ נאכדעם פארנאנדער טראגען עס די שיינע בעלי הבית׳טעס, וועלכע פלעגען אליין, פארשטעהט זיך, ניט וואשען קיין גרעט...
אויסער וואס די חברה כלי־זמר האבען געשטאמט פון אזוינע נידעריגע עלטערן, זענען זיי אליין געווען אהן א ברעקל שטאט אונ דרך־ארץ, האבען ניט געמאכט קיין חילוק פון עלטער ביז יונגער, פון ארים ביז רייך... זיי זענען געווען גרויסע עזות־פנימער, נבול־פה׳ניקעס, וואס אויפ׳ן לינג, דאס אויפ׳ן צינג, דערצו פלעגען זיי אין די קעריגע

האט שוין דער קראקאווער רב אויך מסכים געווען צום קאנגרעס און בעטייליגט זיך אן איהם. דאס זעלבע וועלען אויך טון אנדערע גרויסע רבנים.

מיר האבען, ווי איהר זעהט, גאר נישט מורא צו האבען פאר נייע דינים מיט נייע חומרות, ווארען דער קאנגרעס וועט גאר נישט שמועסען פון דינים. דער קאנגרעס האט אבער א געוואלדיגען מאראלישע ווערט פאר אונז. די קולטורגע ציוניסטען וועט אפשר נישט געפעלען, וואס די רבנים האבען זיך מקדים געווען צו גרינדען א גייסטיג צענטרום אין זייער זין. מיר מוזען אבער וויסען, אז די רבנים האבען נאך א געוויסען איינפלוס ביים פאלק און די פאראייניגונג פון רבנים פון די גאנצע וועלט וועט ביים פאלק דערוועקען דאס געפיהל פון אחדות פאר דעם גאנצען פאלק און זיי וועלען זיך לייכטער נעווייהנען מיט דער נאציאנאלער אידעע. די רבנים פלעגען תמיד צו פרעדיגען אחדות און האבען צוגעזאגט, אז אן דעם ווענדט זיך די יודישע ישועה. כל זמן די רבנים האבען אבער ניט זעלבסט געוויזען דעם וועג פון אחדות זענען זייערע ווערטער געווען ליידיגע מליצות; היינט אבער, אז די רבנים פון דער גאנצער וועלט פאראייניגען זיך, וועלען זיי זיין א גוט מוסטער פאר'ן פראסטען פאלק. היינט טאר מען נישט פארגעסען, אז אויס אזא פאראייניגונג קאן זיך מיט דער צייט ענטוויקלען א וויכטיגע אינסטיטוציע פאר'ן פאלק און פאר אונזער אמאליגע מדינה.

ל.

---

# פאליטישע ענינים.

(אונרוהען אין בולגאריע, די סבות דערפון. פראנקרייך וועגען פאפסט. פראנקרייך, שפאניע און ענגלאנד.)

בולגאריע, וואס שוין מעהר ווי א יאהר, וואס די אייראפייאישע פאליטיק בעשעפטיגט זיך מיט איהר, און זוכט איינצושטילען די אונרוהען, וואס דארט קומען פאר וועגען די מאקעדאנישע בעוועגונג, איז די לעצטע צייט נאך אינטערעסאנטער געווארען פאר די פאליטיק און היינטיגעס מאל שוין נישט איבער דאס, וואס עס קומט פאר צווישען איהר און די טערקיי, נאר וואס עס קומט פאר אין בולגאריע אליין, וואס קומט פאר צווישען דעם פירשט און זיין פאלק.

די צייטונגען ברענגען ידיעות, אז די לאגע אין בולגאריע איז זעהר אונרוהיג, דאס פאלק איז שטארק אומצופרידען מיט זייער פירשט און ווילען איהם צווינגען ער זאל זיך אבזאגען פון דער מלוכה. דאס רוב אזוינע ידיעות, קומען אן אין צייטונגען, וואס דרוקען זיך אין די סערבישע הויפטשטאדט בעלגראד. ווי עס ווייזט אויס האבען זיך די סערבען אנגעהויבען שטארק צו שעמען מיט זייער לעצטער מעשה און עס ווילט זיך זיי זעהר, אז נאך איינע פון די קליינע מלוכות אויף דעם באלקאנישען האלב-אינזעל זאל אזוי טון ווי זיי, כדי אייראפא זאל נישט אויף זיי אליין טייטען מיט פינגער און זיי אנרופען אונקולטורווירטע מענשען. דעריבער האבען די סערבישע צייטונגען זיך בענוצט מיט דעם פאקט, וואס דער בולגארישער פירשט איז ארויסגעפאהרען פון זיין רעזידענץ סאפיא קיין קאבורג און אויסגעטראכט, אז דער פירשט אנטלויפט פון זיין לאנד, ווייל ער האט מורא מען זאל איהם נישט אראפ רייסען די קרוין פון קאפ. דער בולגארישער פירשט פאהרט נישט דאס ערשטע מאל אין קאבורג, ער פאהרט דארטען אלע יאהר צו בעזוכען זיינע קרובים און אויך אויף קבר אבות, ווייל זיינע עלטערן, זענען דארט בעהאלטען.

גאר אין חלום בלא דברים בטלים -- אין א חלום איז נישט אלץ וואהר, אבער אויך נישט אלע ליגען, אמת, אז פירשט פערדינאנד איז נישט אנטלאפען פון זיין פאלק, אבער אין גאנצען אויסגעטראכט איז עס אויך נישט, אונצופרידען איז א קליינער טייל פון פאלק מיט זייער פירשט, ווייל זיי גלויבען עד היום גאך נישט, אז דער רוימיש קאטוילישער פירשט פון קאבורג איז געווארען איין אמת'ער גריכיש-קאטוילישער סלאוויאנין און קאן זיין איבערגעבען און געטריי דעם בולגארישען פאלק מיט דעם גאנצען הארצען, אפילו

---

צייט, ווי ספירה, דריי וואכען, ווען מען טאר ניט שפיעלען קיין חתונות, זיך ארום שלעפען מיט מיידלעך הינטערן שטעדטל... פארשטעהט זיך, די מיידלעך זענען אויך ניט געווען בעסער פון זיי און פון קיין שענערן יחוס האבען זיי אויך ניט געשטאמט. יענקל דעם וואוכערניקס טאכטער, צי לויבע דעם נאמן'ס פון בקור חולים טאכטער, וועט מיט זיי אוראי ניט ארומשפאצירען. איבערהויפט האט זיך די חברה כלי־זמר ארויסגעוויזען, ווי ניט לייטיש זי איז, אויף א חתונה: זיי פלעגען שפאטען און חוזק מאכען פון די שענסטע בעלי־בתים, פון בעלי־בתישע זיהן און טעכטער, און גרונם באם האט גלאט ליב געהאט אויף יעדער חתונה זאגען דעם מחותן א שטאך ווארט, וואס דאס האט אויף כלי־זמר לשון געהייסען: אריינלאזען א שפילקע. פארשטעהט זיך, אז אזא יחום, אזא אויפפיהרונג האט שטארק אויפגערייצט די רוהיגע סטאטעטשנע קליינשטעדטלדיגע בעלי־בתים און ניט אומזיסט האט קיינער מיט זיי ניט געוואלט האבען קיין מגע ומשא...

בעקאנט און אפילו שטארק אויפגעטראגען מיט זיי, איז געווען נאר איינער פון שטעדטל. דאס איז געווען יאסל דער "שרייבער". מען דארף איהם נישט פארבייטען מיט דעם שרייבער פון "דומע", וואס איז אין שטעדטל אויך געווען א יוד, און איז געווען שטארק אנגענומען ביי די בעלי־בתים, אנגענומען אזוי, אז מען פלעגט פאר איהם אזש מורא האבען. יאסל דער שרייבער האט זיך נאר בעשעפ־טיגט מיט לעהרנען די שטעדטלדיגע מיידלעך שרייבען א יודישען בריוועל, א חשבון ביז כפל און אין די הייזער, וואו די ציוויליזאציע האט שוין אריינגעשיינט, האט ער אויך געלעהרנט אין אדרעס שרייבען.

ער אליין איז געווען כמעט פון איין יחוס מיט די כלי־זמר: זיין מוטער איז געווען איין ארימע] ענונה. זיין טאטע, א שניידער, האט נאך אין די ערשטע יאהרען, ווען דער פראסטער עולם האט אנגע־הויבען פאהרען אין אמעריקא, זיך אהין אוועק געלאזט. לויט ווי מען דערציילט איז ער אין דער "דריטער אמעריקא" און האט דארט א דייטשקע גענומען און פון דעם ווייב און זיין קינד האט ער ניט גע־וואלט הערען.

עס פארשטעהט זיך, אז יאסל האט קיין גרויסע געלד ניט פאר־דיענט פון זיינע שטונדען, וואס ער האט געגעבען. דאס רוב האט ער געלעהרנט די ארימע מיידלעך און ער האט זיך קוים דורכגעלעבט מיט זיין ארימער מוטער.

ער איז געווען א הויכער און א דארער, מיט א לאנגליכער שמא־לע נאז. זיינע שווארצע אויגען זענען איהם געווען טיעף אין שטערען אריינגעגראבען און פון דארט האבען זיי געקוקט טרויריג פארחלומ'ט און פארטראכט, ווי ביי איין אמת'ן פאעט.

און ער האט טאקי ליעדער געשריבען, אדער ווי אין שטעדטל

נאכדעם, ווי ער האט דעם טראנספאלגער בארים געלאזט טויפען אין דער גריכיש־ארטאדאקסער צערקווע.

דער חשד, אז א קאטאליק בלייבט טריי דעם קאטאליציזם אויך נאכדעם, ווען ער בייט איהר איבער אויף איין אנדערע האט זיך פארשטארקט איצט מעהר, אז מען זעהט, ווי הויך דער פארשטארבענער פאפסט לעא דער דרייצענטער האט געשטעלט דעם קאטאליציזם, אז אפילו פראנקרייך, וואס האט די לעצטע צייט שטארק גערודפ'ט די קאטוילישע גייסטליכע און האט זיי כמעט אלע שולען פארמאכט, האט נעגען דעם מיניסטער־פרעזידענט קאמב'ס ווילען געלאזט מאכען דורך דעם ארכי־בישאף רישאר הזכרות נשמות דעם פארשטארבענעם פאפסט און ווי איינינע צייטונגען מעלדען איז דער פרעזידענט לובע געקומען הערען די הזכרה.

נאר ווי שטארק די קאטאליקען זענען, קענען זיי נישט צעשטערן די פריינדשאפט, וואס איז געווארען נישט לאנג צווישען די אנגליקאנישע ענגלאנד און די קאטוילישע פראנקרייך, מיט וועלכע די קאטאליקען פון די אנדערע אייראפייאישע מדינות זענען נישט צופרידען.

און דער עיקר איז דערמיט נישט צופרידען די קאטוילישע שפאניע, וועלכע איז געבליבע נאר אליין אין די פראגע וועגען מאראקא.

און שפאניע האט פאר וואס נישט צופרידען צו זיין.

עס איז שוין מעהר קיין סוד נישט, אז איידער דער ענגלישער קעניג עדוארד איז געפאהרען קיין פאריז, און ענגלאנד מיט פראנקרייך זענען זיך געוועזן שונאים וועגען פיעל פאליטישע פראגען און צווישען זיי אויך די פראגע וועגען מאראקא, האט פראנקרייך בסוד געשלאסען א טראקטאט מיט שפאניע געגען ענגלאנד. נאר נאכדעם, אז עדוארד דער זיבענטער איז געוועזען אין פאריז און לובע דער פראנצויזישער פרעזידענט אין לאנדאן, איז די מאראקאנישע פראגע פארענטפערט געווארען בדרך שלום און שפאניע איז געבליבען אליין.

נאר קעניג עדוארד, וועלכער איז בכלל א רודף שלום, וויל די קאטוילי־קען נישט טרנז זיין און האט דעריבער בעזוכט די אירלאנדישע שטאדט דובלין, וואס איהרע איינוואהנער, ווי אלע אנדערע אירלענדער, זענען קאטוליקען און די אירלענדער האבען בעוויזען זייער קעניג ליבע און טרייהייט.

---

## צווישען צייטונגען און זשורנאלען.

וואס פאר א סדרה גערט? — סע גערט סדרה "אינטערוויען".

ביי אונז יודען איז שוין אזוי. טוט איינער — טוען אלע, און באלד ווערד עס א סדרה און סע גערט. אט איז געגאנגען סדרה "מחאות" (פראטעסטען), אט איז געגאנגען סדרה "אוסישקין מיט די יתומים" און אט הייבט אן צו גערן סדרה "אינטערוויוען". זאגט איינער וואס ער זאגט, לעגט זיך איין שעפעלע אין קימפעט אריין — וילדו כל הצאן נקדים, האבען אלע שאף שפרענקעלדיגע. די מעשה איז גאר א פשוט'ע געוועזן. פאר עטליכע וואכען איז איינער, א קארעספאנדענט פון א צייטונג, געפאלען אויף די המצאה, אריין צו גערן אין וויען צו דעם דאקטאר הערצל, כדי צו האבען ביי איהם איין "אינטערוויו" — דאס הייסט אויף יודיש, כדי ביי איהם א טאפ צו געבען אין וואגען און איהם אויסצוקוועטשען און אויסצופארשען און אויסצוהארכען, וואס וועט ער עפים זאגען וועגען אחד־העמ'ען. איצט איז א איז געפאלען א צווייטער קארעספאנדענט פון א צווייטער צייטונג אויף די צווייטע המצאה, אריין צו גערן אין אדעס צו אחד־העמ'ען און צו האבען ביי איהם איין "אינטערוויו" — דאס הייסט אויף יודיש, צו געבען ביי איהם א טאפ אין וואגען און איהם אויסצוקוועטשען און אויסצופארשען און אויסצוהארכען, וואס וועט ער עפים זאגען וועגען זיינע טייערע חברים הערצל מיט נארדוי צוזאמען. און פארשטעהט מען, אז איך בין גאר נישט זיכער, אז אין עטליכע טעג שפעטער וועלען מיר נישט געפינען אין צייטונגען דאס נייעס, אז א דריטער

---

האט עס געהייסען: ער מאכט ליעדער און דאס האט איהם די בעלי בתים אין די אויגען נאך מאוס'ער געמאכט.

— עס איז א ווילדע בריאה! האבען זיי וועגען איהם גערעדט. דערפאר אבער האבען די נייטארינס, שניידערינס און דיענסט־מיידלעך שטארק געהאלטען פון זיינע ליעדער און פלעגען זיי ביי דער ארבייט שטענדיג זינגען, צומאכענדיג איינענע טרויעריגע מעלאדיען... שטארק בעוואוסט און בערימט איז געוועזן ביי זיי דאס ליעד פון דער ליבע, וועלכע זיי פלעגען זינגען מיט גרוים געפיהל. דאס ליעד האט זיך אנגעהויבען אזוי...

איך וועל געהן א קוק טון
וואס מיין ליבסטע מאכט
אין דער לאנגער, שווארצער,
וויסטער ווינטער־נאכט.

פארשפרייטען זיינע ליעדער צווישען די מיידלעך פלעגען די "בלי־זמר", וועלכע ער פלעגט יעדעס ליעד גלייך טראגען און פארלעזען, ווערענדיג דערביי דא רויט, דא בלאס פון אויפרעגונג, וואס וועלען "זיי" זאגען דערויף. די בלי־זמר זענען געוועזן גוטע קריטיקער, פאעזיע האבען זיי זעהר ליב געהאט, זיי זענען געוועזן שטארק בעלעזען אין דער יודישער ליעדער־ליטעראטור. מיכל נארדאן, נאלדפאדען, בערג־

שטיין און אנדערע האבען זיי געוואוסט אויף אויסענווייניג און די מעלאדיען פלעגען זיי שפיעלען אויף זייערע אינסטרומענטען. די חברה האט שטארק געהאלטען פון יאסל'ס טאלענט און זיי פלעגען איהם זאגען, אז מיט דער צייט וועט פון איהם ארויסוואכסען א גרויסער לייט.

און יאסלס הארץ פלעגט פאר שמחה אנהייבען קלאפען, זיינע באקען פלעגען גלייך ווערען, די אויגען פייכט און מיט א ציטעריגע קול פלעגט ער זיך ווענדען צום ערשטען פידלער:

— בערל, שפיעלט עפים!

בערל פלעגט א שמייכעל טון; יאסל'ס קוק איז אבער געוועזן אזוי דורכגעדרונגען מיט בקשה, אז בערל פלעגט ערנסט ווערען, אראבנעמען די פידעל פון וואנט, אנשטעלען זיא און פרעגען:

— וואס זאל איך דיר שפיעלען, יאסל? וואס ווילסטו?

— איך וויל — פלעגט יאסל ענפערן גערירט פון בערל'ס גוטסקייט, איך וויל עפים איין אומעטיגע זאך, אויף דער גראבער סטרונע: טהי־טהי... טהי... איהר ווייסט דאך וואס איך מיין.

— אויף דער גראבער סטרונע?... טהי־טהי־טהי?... וואס מיינט ער דאס אזוינס? פלעגט זיך בערל פארטראכטען זוכענדיג דעם ניגון אויפ'ן באלקען.

קארעספאנדענט פון א דריטע צייטונג איז געפאלען אויף די דריטע המצאה, זיך צו נעמען צו דער וויכטיגער און דאנקבארער און זעהר לייכטער ארבייט, ארום צו פאהרען פון שטאדט צו שטאדט און צו האבען איין אינטערוויו סך הכל ביי אט יענע עטליכע טויזענט יודען קיין עין הרע. וועלכע האבען געשריבען פראטעסטען נאך דער מעשה מיט אחד-העמ'ען און נארדוי-הערצל, כדי יעדען בעזונדער פון זיי אויסצוקוועטשען און אויסצוטאפּען און אויסצובדק'ענען, וואס וועט ער עפּיס זאגען און ווי זענען זיינע פילאזאפישע השקפות און וואס זענען געווען זיינע טיעפע טעמים ביי דעם פראטעסט-שרייבען. איך בין מובטח, אז דער טאפּ אין די עטליכע טויזענט וואגענס פון די עטליכע טויזענט פראטעסט-מאכ'ערס וועט נישט ברענגען ווענ'גער נוצען לטובת הכלל, ווי דער טאפּ אינ'ם וויענער און אינ'ם אדעסער וואגען. עלעהיי זאל דער עולם וויסען וואס עס טוט זיך ביי יענעם אין טעפּל, אדער וואס עס פּאסט יענעם אקוראט דער וועלט מודיע צו זיין.

דערווייל האבען מיר פאר אונז דעם „טאפּ אין וואגען" — אויף גוי'עש הייסט עס: אינטערוויו — נומער 2. א הער מ לעווין דערציילט אונז אין „וואסחאד" נומער 28 זיין אינטערוויו ביי אחד-העמ'ען.

מילא וואס דער דאזיגער הער האט געביך פאר א צרות געהאט, ביז ער איז געקומען צו דער דאזיגער זכיה. דאס זאל זיך נישט טרעפען אין קיין שום יודישער שטוב. אחד-העם איז נישט אין אדעס געווען — און דא גע'ה האב איין אינטערוויו מיט איינעם שלא בפניו! נאר גאט איז דאך איין אל רחום וחנון, דא האט ער געמאכט, אז אחד-העם זאל זיך אומקעהרען קיין אדעס, און „זאפּארט" האט זיך צו איהם דער דאזיגער הער אריין געחאפּט און האט איהם אנגעהויבען אויסצוקוועטשען. א קלייניגקייט! די וועלט וואַרט און מע דארף וויסען, ווי געהט אחד-העם און ווי שטעהט ער און ווי זיצט ער און ווי קוקט ע'ר נאך דער מעשה מיט נארדוי.

אינטערוויוען בכלל האבען עטוואס אין זיך וואס סע שמעקט מיט לעבערליכקייט. ממה נפשך, איז דער קארעספאנדענט א קלוגער און דער „בעריהמטער" איז נארישער פאר איהם, טא הערט זיך פונ'ם קארעספאנדענט ארויס אזוי ווי א בעהאלטען געלעכטערל און עס דאכט זיך אלץ, אז ער מאכט חוזק פון דעם „גרויסען" אדער פונ'ם פובליקום אין גאנצען; איז אבער דער קארעספאנדענט דער נאר און דער חלק שני איז קלוגער פאר איהם, דא פארשטעהט מען דאך, אז ער ענפערט איהם אזעלכע תשובות, וועלכע זענען עקסטרא געמאכט און ווי צוגעמאסטען פאר איהם און פאר זיין שכל. אי וואס, עס זאל זיך גראד טרעפען א נס, אז ביידע זאלען זיין חכמים, אדער ביידע זאלען זיין עפּיס נישט אזוי קלוג — זעהט איהר אין דעם דוקא האב איך ביז היינט נאך נאר נישט אריין געקלעהרט. איך קאן מיר גאנץ גוט פארשטעלען ווי עס האט אויסגעזעהן נאפּאלעאן דער ערשטער און וואס פאר א פּנים ער האט געמאכט, בשעת עס איז צו איהם געקומען עפּיס א מין בלייערנער פויגעל פון א רעדאקציע און האט געפּרובט פון איהם עפּיס ארויסצובדק'ענען; און אויך קאן איך מיר גאנץ גוט פארשטעלען, וואס פאר א בעהאלטען געלעכטערל עס האט געמוזט ליגען אויף די צוזאמענגעדריקטע ליפּען פון א מין קארעספאנדענט ווי למשל בלאוויץ, בשעת ער האט עס געדארפט צו דער מלאכה און ער האט זיך געחאפּט צו עפּיס א מין בעריהמטען „חכם", ווי למשל א בורישען גענעראל אדער א יודישען דיפּלאָמאטישען לייטארטיקעל שרייבער, כדי זיך מיט איהם אין א שמועס אריין צו לאזען. וואס מיר, דאס פובליקום, קענען פון די דאזיגע ביידע מינים אינטערוויוען האבען, דאס זאל בלייבען נאך מיינע שונאים'ס טויט.

דעם אמת געזאגט, איך, וואס האב געהאלטען זייט אייביג אן פון אחד-העם איין עולם ומלואו, איך, וואס די אנזיכטען און די פילאזאפיעס פון אחד-העם זענען ביי מיר קיינמאל נישט געווען דער עיקר און נאר די עהרליכקייט און דער פרייער כאראקטער און די שטילע פיינקייט און די נישט געמאכטע ענוות פון איהם זענען ביי

— ער מיינט דעם וואלאך! פלענט אהרציק דער קלארנעטיסט ערקלערען.

— ער ... ניט קיין נאר, ער ווייסט וואס גוט איז! פלעגט דער ערשטער פידלער גוט-הערציג שמייכלען.

— ער איז א מבין אויף מוזיקע: פלעגט אהרציק לאכען און א קלאפּ געבען יאסלען איבערן פּלייצע.

און די גאנצע חברה כלי-זמר, וועלכע פלעגט זיך ביין ערשטען פידלער פארזאמלען, אויסער דער עלטערער צימבלער, פלעגען אנהייבען שפּיעלען, געבען קאנצערט פאר דעם איינציגען מבין אין שטעדטל — פאר יאסל דעם שרייבער...

יאסל פלעגט אריינלאזען די אויגען זיינע אין בערל'ס פידעל, פון וואנען עס האבען זיך געגאסען ריהרענדע ווייכע טענער, תחנונים ובקשות... ער פלעגט קוקען אין די שפּאלטען פון פידעל אזוי ווי ער וואלט וועלען זעהן, צי זיצט דארטען ניט עפּיס א מענש און וויינט אזוי זיס...

אז די חברה פלעגט אבשפּיעלען, פלעגט יאסל ווערען בעגייסטערט, פלעגט אויסשטעלען ווי פארוואונדערט די אויגען, פארטראכטען זיך און א קנייטשענדיג זיין שטערן, ווי ער פלעגט זיך עפּיס דערמאנען, פלעגט ער מיט פייער אויסשיסען:

— הערט ברידער, לאכט זיך אויס פון זיי! פאלגט מיך לאכט זיך אויס!...

— פון וועמען? פרעגען די כלי-זמר.

— אט פון אלע בעלי-בתים, אט פון אלע יחסנים, אט פון אלע רייכע! פון דאס גאנצע שטעדטל!... איך וועל נישט בייטען אייער נאגעל אויף זיי אין גאנצען. דאס זענען גאר קיין מענשען ניט! גאר קיין מענשען ניט!! פלעגט ער שוין העכער שרייען—דאס זענען חיות, מאוסע חיות!... אוי, האב איך זיי פיינט! טפו!

די חברה כלי-זמר נאך אזא „דרשה" שמייכלען צופרידען און אהרציק קלארנעטיסט, ווערד צעקאכט אויך גלייך מיט יאסלען, גיט א קלאפּ איבערן טיש און שרייט אויס:

— ווי איך בין א כלי-זמר — ער איז גערעכט! יאסל! דו ביזט איינער אין שטעדטל... זיי זענען אלע ווילדע פראים, בהמות! יאלדעס!...

— ווער בעשטעהט אן זיי? רופען זיך אן די איבעריגע פון דער חברה...

— ניין! עס ברענט מיר ווי א פייער, שרייט אויס יאסל — מענשען זאלען ניט האבען קיין ברעקל געפיהל אין קיין זאך. א כלי-זמר זאל ביי זיי זיין טריף! — פאר וואס, פאר ווען?... וואס ווילען

מיר געשטאנען הויך ווי דער הימעל, אז איך האב זיי געוואלט אלעמאל פאר א מוסטער אוועקשטעלען פאר אלעמען, — איך האב אנגעהויבען אין די לעצטע צייט, זייט ער האט אנגעהויבען צו זיין „מענשליך" ווי אלע מענשען און זיך צו בייזערען ווי אלע מענשען און רעדען פון זיך אליין ווי אלע מענשען, צו קוקען אויף איהם מיט אנדערע אויגען, און עס טוט מיר וועה אין הארצען צו זעהן ווי זיין בילד אין מיין אייגענער פאנטאזיע זינקט און זינקט. זיינע לעצטע מאמרים איבער זיך און זיין „אינטערוויו" — איך וואלט א שטיק לעבען אוועק געגעבען, אז ער וואלט זיי נישט האבען געשריבען און אז ער וואלט זיך נישט האבען געלאזט הערען. ער ווערד אין כעס גלייך מיט אלעמען, ער איז מקפיד אויף זיין כבוד גלייך ווי יעדער בשר ודם, ער טענה'ט גלייך ווי טויזענט אנדערע פון דער בעקאנטער חברה, אז ער מיינט כלומר'שט נישט זיך נאר דעם כלל, ער בענוצט זיך מיט דער דאזיגער אבגענוצטער פראזע ווי הונדערט אנדערע קהל'ס־מענשען — היינט וואס בלייבט מיר נאך פון איהם? זיינע „אידעען"? — איך בין קיינמאל נישט געוועזען קיין חסיד פון סורות, וואס מען קאן זיי נישט מיט קלארע ווערטער ערקלערען, מען קאן נישט זאגען כזה ראה וקדש, דאס און דאס רעד איך צו דיר, און נאר מען פארדרעהט די אויגען און מען הימעלט זיך. — איך קאן איהם נישט מוחל זיין, וואס ער האט מיר איינעם פון מיינע שענסטע חלומות צעשטערט.

ווי ווייט גארדוי איז געוועזען אומגערעכט קעגען איהם אין דעם אופן ווי ער האט איבער איהם געשריבען, דאס ווייסט יעדער, וועלכער האט די פאלעמיקא אונפארטייאיש געלייענט. איך בין געוועזען איינער פון די ערשטע, וועלכער איז אויפגעטרעטען קעגען יענעם סטיל און יענע בעהאנדלונג. אז דאס איז נישט שען און אויך נישט עהרליך געוועזען, דאס זעהען מיר איצט ארויס אויך פון א בריוול, וועלכעס גארדוי האט געשריבען פאר עטליכע יאהר צו אחד־העמ'ען. דאס דאזיגע בריוול איז יעדענפאלס דאס אינטערעסאנטעסטע, וועלכעס מיר געפינען אין דעם גאנצען אינטערוויו.

דער הער מ. לעווין אין זיין אינטערוויו דערציילט, וואס אחד־העם האט איהם געזאגט:

„אט האט ד״ר נארדוי, למשל, דא נישט לאנג געשריבען, אז נאר דער ציוניזם האט מיך ערשט פאר 2—3 יאהר אין די עפענטליכקייט ארויס געשלעפט; פריהער האב איך „געפלויד'ערט" אין עפיס א בעהאלטען ווינקעלע, און קיינער האט זיך דערויף נישט אומגעקוקט. ווילט איהר וויסען וויפיעל אמת עס איז דארין? אט לייענט".

און אחד־העם האט איהם געגעבען א בריוול צו לייענען, וועלכעס ער האט דערהאלטען פון גארדוי נאך דעם צווייטען קאנגרעס. אין דעם בריוול, וועלכעס איז געשריבען אויס פאריז, דעם 8־טען נאוועמבער 1898, לעזען מיר:

„הער ל. אוים א. וועט אייך דערציילען ווי אייפריג איך האב אייך געזוכט אין באזעל. אייער נישט דארט זיין האט זיך זעהר ארויסגעפיהלט אי פאר מיר אי פאר פיעל אנדערע; איהר זענט איינער פון די וויכטיגסטע ערציהערס פון אונזער פאלק, און עס וואלט זיין פון גרוים נוצען, ווען צווישען אייך און אונז זאל נישט פארהאנען זיין קיין שום „מיספארשטענדניס" וועלכעס קאן שטערען און פאראליזירען".

וואס קאן, למשל, זאגען גארדוי איצט, נאך זיין בעקאנטען ארטיקעל איבער אחד־העם, אז מען זאל איהם ווייזען זיין אייגען בריוול, וועלכעס ער האט צו יענעם געשריבען פאר פינף יאהר?...

אוי „עהרליכקייט", דיין נאמען איז זשורנאליזם!

און אחד־העם איז מוסיף:

„דאפון קאנט איהר זעהען ווי ד״ר נארדוי האט זיך גע־האלטען צו מיר פאר 5 יאהר, נישט קוקענדיג דארויף וואס ער, ווי איהר זעהט פון זיין בריף, האט אליין מודה געוועזען, אז איך האלט מיך ווי א געגנער צו עטליכע זייטען פון דעם פאליטישען ציוניזם".

דאס בריוול רעדט אליין פאר זיך. אך, ווען אחד־העם וואלט

---

זיי פון אייך, פרעג איך, וואס ווילען זיי? ווען נים איהר וואלט דאך אין שטעדטל איין אומעט געוועזען.

— לאמיר איהם נאך עפים שפיעלען! פלעגט אהרציק קלאר־נעטיסט שמייכלען, קלאפענדיג יאסלען איבער'ן פלייצע — ער איז ווערט, ער פארשטעהט מוזיק.

— ווייל ער שרייבט ליעדער, פארשטעהט ער מוזיקע — ערקלערט ערנסט בערל פידלער. מוזיקע און פאעזיע איז אלץ איינס — דאס איז טענער און יענס איז ווערטער. דער וואס איז אבער א מבין, יענער הערט אין פידעל אויך ווערטער. דאס פיעדעלע רעדט...

— אוי, אמת! חאפט זיך יאסל אן, ביי אייך בעט זיך עפים די פידעל: האט רחמנות, וויינט זי...

די כלי־זמר לאכען און הייבען אן שפיעלען נאך אזאך איין אומע־טיגע, א ריהרענדע. יאסל לאזט אראב דעם קאפ און הערט מיט גרוים געפיהל און אז די חברה ענדיגט קאן ער זיך ווידער נישט איינהאלטען און שרייט אוים.

— פאלגט מיר, ברידער, לאכט זיך אוים פון זיי — איהר האט נשמות און זיי ניט...

און יאסל בלייבט שוין ביי די כלי־זמר ביז שפעט אין דער נאכט, די חברה לעגט זיך צונויף און מען שיקט נאך אביסל בראנפען און מען פארבייסט מיט שווארץ ברויט מיט זאלץ... נעמענדיג אביסל בראנפען, נאר צו די ליפען, ווערד יאסל מוטיגער און דרייסטער צו טון דאס וואס עס ווילט זיך איהם די גאנצע צייט, זיצענדיג ביי די כלי־זמר. ער נעמט יעדען ארום מיט גרוים ליבשאפט און קושט יעדערן שטארק, שטארק... די חברה פיהלט איהם מיט, פארשטעהט איהם, און עס ווערד ביי זיי איין אמת'ע ברידערשאפט, אהן קנאה, אהן שנאה, אהן רכילות און לשון הרע און ווען די שטעדטלשע בעלי בתים וואלטען עס צוגעזעהן, וואלטען זיי זיך ווער ווייסט, אפשר פאר־טראכט און ארויסגערעדט:

— וואס וויל מען פון זיי טאקי האבען? גאנץ וואהלע מענשען, די חברה כלי־זמר, מיט יאסל שרייבער!... גאנץ גוטע, גאנץ עהר־ליכע מענשען...

נאר די בעלי־בתים שלאפען שוין לאנג...

אברהם רייזען.



נאר האבען געשוויגען! וואלט נישט טויזענט מאל בעסער זיין, ווען אחד־העם וואלט די דאזיגע עטליכע שורות אליין נאר אבגעדרוקט אין צייטונגען אונ וואלט ווייטער נישט קיין ווארט רעדען אונ וואלט זיך נישט אריינגלאזען אין אלע יענע פריוואט־מאמרים אונ אין אינטערוויועס?... איך קאן איהם נישט מוחל זיין, דאס ער האט מיר איינעם פון מיינע שענסטע חלומות צעשטערט.

---

האט גאט בעשאפען א צרה, האט ער דאנענען בעשאפען א נחמה.

אין דעם „הזמן" (נו' 53) געפינען מיר א מאמר, אונ דוקא פון דעמזעלבען אחד־העם אונ דוקא פונ'ם אלטען אחד־העם! עס איז דער ליטערארישער אחד־העם, נישט דער פערזענליכער, וועלכער רעדט פון זיך. יעדעס ווארט איז א קויל. די רעדע איז פון די קישינובער יתומים.

מילא אויב עס איז פארהאנען יתומים פון די קישינובער הרוגים, דאס ווייסט דער עולם נאך נישט. מילא, ווען עס איז יא פארהאנען, אויב די מוטערס אדער די קרובים ווילען זיי אוועק געבען אויף די הענט פון דער דאזיגער אם, וועלכע הייסט קהל, דאס ווייסט דער עולם אויך נאך נישט. אבער דאס אלעס שאדט נישט. דערווייל זענען דא מתעסקים אונ זיי זענען זיך מתעסק; מען קלאפט מיט די פושקעס, מען נעמט צונויף נדבות, מען מאכט א טאראראם אונ עס קלינגט אין די צייטונגען. גליקליכע יתומים! א סך טאטעס פון פאמיליעס וואלטען זיך ווינשען צו זיין די דאזיגע יתומים. א יוד א פראסטער, א טאטע פון צוועלף קינדערלעך מיט א קראנק ווייב, וואס ער ווייסט נישט ווי א מוציא זעהט אויס אונ וואס זיין פאטער איז פאר עטליכע פערציג יאהר גלאט אזוי געהרג'עט געווארען, האט מיר געזאגט, אז עס וואלט זיין כדאי דאס זיין פאטער וואלט געהרג'עט ווערען ערשט אין קישינוב. גליקליכע יתומים! אבער מיר קענען דאס דאזיגע גליק — אונ אויך דעם סוף דערפון. דער יתום שטעהט ביים קבר אונ זאגט דעם ערשטען קדיש. דער מאמענט איז א מאמענט פון ווייכקייט. ווייבער וויינען. איינער קומט צו אונ רוקט דעם יתום גלייך דאס פארקרומטע היטעלע. א יודענע קומט אונ גיט איהם א לעקעכל. דער פעטער קומט אונ וויל איהם מיטנעמען שלאפען ביי זיך. א קלייניקייט, א יתום! אבער נאך אכט טעג, נאך צוויי וואכען געהט דער יתום ארום אין קריעה־בליה אונ פאלט פון די פיס פאר הונגער. וואו זענען דאן די רחמנים?... ביי די יתומים פון קישינוב מאכט זיך נאך אין דעם מאמענט פון דער ווייכקייט, פון דער התלהבות, אז חוץ די אלגעמיין־מענשליכע געפיהלע איז נאך פארהאנען אויף איין אנדערע זאך, עפיס א מין נאציאנאל־געפיהל, א „רעיון"... מען וועט פון די יתומים מאכען פויערען אין ארץ־ישראל!

קאן מען פויערען איבערהויפט „מאכען"? אונ וועלען גראד די דאזיגע קינדער פעהיג זיין דערצו? אונ ברויכט מען נישט א האלבען מיליאן פראנק באלד אין אנהויב פון דער דאזיגער אפעראציע? אונ ברויכט מען נישט דאן נאך א האלבען מיליאן כדי עס אויסצופיהרען?— אבער עס שאדט נישט: דער „רעיון" איז א שענער!

אונ אחד־העם ווייזט אין זיין ארטיקעל, וואס האט זיך אויסגעלאזען פון א סך אנדערע אזאלכע שענע „רעיונות"! אבער ביי יענע רעיונות ווייסען מיר נישט, ווער דער שולדיגער איז געוועזען. דאס הייסט, מיר ווייסען יא — נאר ווייל אלע זענען שולדיג געוועזען, דעריבער האט זיך קיינער נישט געפיהלט שולדיג.

„אבער דאס מאל — זאגט אחד העם — ווייסען מיר ווער עס האט דעם בראנד־פאקעל אריין געווארפען אין דער מחנה, ווער עס האט דעם דאזיגען שענעם רעיון אויסגעקלערט אונ ווער די מתעסקים זענען ביים אנהויב פון דעם „בנין", טא זאלען זיך נישט די דאזיגע „בויערס" איינרעדען, אז זיי וועלען זיך קאנען ארוים מאכען פונ'ם שטויב אונ א מאל ארויף ווארפען די גרויסע אחריות אויף „אלע". ניין, — דאס מאל וועלען מיר גוט געדענקען די נעמען פון די וועלכע האבען מתחיל געוועזען אין דער מצוה, אונ מיר ווילען שרייען צו זיי: קאנטשעט! מיר מענען אונ מיר זענען מחויב דאס דאזיגע מיט די גאנצע קראפט פון זיי פארלאנגען. קאנען זיי די אחריות, וועלכע עס איז פארהאנדען ביי דער זאך, טא זאלען זיי האבען דעם מוט מכריז ומודיע צו זיין בזה הלשון: „מיר, וואס שטעהען אונטען געחתמ'עט, די איינגעטימערס פון דעם שענעם רעיון, זענען מקבל אויף זיך, מיר זאלען זיך אויך משתדל זיין אונזער רעיון אויסצופיהרען ביז צום סוף; מיר זענען זיך מתחייב פאר די טויטע טאטעס אונ פאר'ן גאנצען פאלק, צו זיין משגיחים אויף דעם ענין אונ זיין לאסט אונ זיינע אחריות צו טראגען אויף זיך די גאנצע עטליכע יאהר, דאס געלד אויפצוקלויבען א. ז. וו., ביז די יתומים וועלען זיין דערוואקסען אונ וועלען ווערען זעלבשטענדיג אונ וועלען נישט מעהר בעדארפען קהל'שע הילף. אונ ווען עס וועט נישט געראטען, וועלען מיר זיין פאראנטווארטליך אונ מיר וועלען אבגעבען דין וחשבון פון אלעס, פון אנפאנג ביז צום סוף". מיט דעם לשון דארפען זיי רעדען"...

דער ארטיקעל פון אחד־העם מאכט א טיעפען איינדרוק. וועט ער אבער מאכען איין איינדרוק דארט וואו מען דארף?...

לעסטאר.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— דעם ערשטען אויגוסט האבען זיך אין רוים צוזאמענגענומען 62 קארדינאלען אין קאנקלאוו אויסצוקלויבען א נייעם פאפסט. מיט די 62 קארדינאלען זענען געוועזען אין קאנקלאוו 40 ערצבישאפס אונ אויך דיענער אונ אנדערע פערשוינען, צוזאמען 365 מענשען. די גייסטליכע קומען זיך צוזאמען צוויי מאל אין טאג פאר־ אונ נאכמיטאג. יעדע זיצונג געדויערט צוויי שעה. פאר די גאנצע צייט וואס די קארדינאלען קומען זיך צוזאמען האט דער קאמערלינג, אורעלי („קאמערלינג" הייסט דער קארדינאל, וואס פארטרעט דעם פאפסטס שטעלע פון דעם טאג, וואס דער פאפסט שטארבט ביז עס ווערד אויסגעקליבען א נייער פאפסט) אבגעריסען די טעלעפאנישע פארבינדונג צווישען וואטיקאן אונ רוים.

— די איינוואהנער פון דעם איטאליענישען שטעדטל, וואו דער קארדינאל וואנוטעלי דזשענאצאנא איז געבוירען געווארען, האבען אלע טאג מתפלל געוועזען, אז א פאפסט זאל אויסגעקליבען ווערען זייער בן עיר.

*.* דיענסטאג 4־טען אויגוסט פארמיטאג איז אין רוים אויסגעקליבען געווארען א נייער פאפסט, דאס איז דער געוועזענער קארדינאל יאזעף סארטא, דער פאטריארך פון ווענעציא. ער האט איצט אנגענומען דעם נאמען פיאוס דער צעהנטער. מען לויבט איהם,

אז ער איז זעהר א גוטער און ליבער מענש, אבער קיין פאליטיקער נישט, ער וועט זיך אין פאליטיק גאר נישט אריין מישען, נאר זארגען פאר די רעליגיאן און דעריבער וועט ער זיין געגען פראנקרייך, וואס רודפ'ט די מאניכען און מען האפט, אז אייך געגען די אנטיסעמיטען. אויף איהם האט זיך קיינער ניט גערעכט, ער האט פריהער גאר קיין האפנונג נישט געהאט פאפסט צו ווערען. זעכס מאל האט די וואהל נישט געפיהרט צו קיין סוף, ערשט ביים זיבעטען מאל האט קארדינאל סארטא בעקומען מעהר ווי 2 דריטעל דעות.

— ווי די ווארשעווער צייטונגען שרייבען האט די לעצטע איבערשוועמונג אנגעמאכט שאדען אויף די באהן-ליניעס ביין ווייכסעל, ווארשא-ווינער און קאלישער איבער 300,000 רובל.

— די בלעטער שרייבען, אז דער ניגוס (קעניג) פון אבעסיניע (אפריקא) איז געפעהרליך קראנק, די דאקטוירים האבען איהם אפגעזאגט.

— דער קעניג פיאטער פון סערביע האט בעפוילען, אז מען זאל איבערגעבען דעם געריכט, אלע אפיצירען, וועלכע דערלאזען עפענטליכע סטראשונקעס אויף דאס הויז קאראגעארגעוויטש. — אויך האט דער קעניג פיאטער בעקאנט געמאכט, אז ער נעמט נישט אן קיין מתנות. ביז היינט האט מען איהם זעהר פיעל מתנות צוגעשיקט.

— דאס מיניסטעריום פאר פאלקס-בילדונג אין רוסלאנד האט ארויסגעגעבען נייע געזעצע, לויט וועלכע עס וועט גרינגער זיין צו עפענען פאלקס-ביבליאטהעקען אויף אומזיסט צו לייענען.

— אין חינא הערשט א שרעקליכער הונגער, די רעגירונג האט געהייסען מען זאל קעפען 1500 ארעסטאנטען נישט ווייל זיי פארדיענען אזא שטראף, נאר ווייל מען האט זיי נישט וואס צו געבען עסען.

— דאס מיניסטעריום פאר לאנד-ווירטשאפט אין רוסלאנד האט בעשלאסען, צו פארברייטערן וואס מעהר הויז-פאבריקאציע אין פוילען און אין די צפונית מערבית'דיגע געגענד.

— ווי די רוסישע צייטונגען שרייבען האט מען בעשטעטיגט צו בעלייכטען אלע פאסאזשיר-ציגע מיט עלעקטרישע בעלייכטונג.

— דער רוסישער קייזער האט געשאנקען 200,000 פאר די וואס האבען געליטען פון דער איבערשוועמונג, אין פוילען.

די „פראווית. וויעסטניק" שרייבט, אז דעם 15 יולי האבען די ארבייטער ביי דער סטאנציע מיכאילאווא אויף דער קאווקאזער באהן איינגעשטעלט דאס ארבייטען און האבען געמאכט אונרוהען און אפגעשטעלט דעם פראכט-צוג און פאסאזשיר ציגע. עס זענען אנגעקומען פאליציי און מיליטער, מען האט זיי צוערשט געווארענט מיט גוטען, נאר עס האט נישט געהאלפען, דאס מיליטער האט זיך געפרובט סטראשען מיט געוועהר, אבער דאס האט אויך נישט געווירקט, די ארבייטער האבען פארווארפען די מיליטער מיט שטיינער און אויסגעשאסען מיט רעוואלווערן און דעריבער איז די נאטשאלסטווא געצוואונגען געווען צו שיסען אויף דעם המון, דורך וואס 10 ארבייטער זענען געפאלען טויט און 18 פערוואונדעט, ערשט דענסטמאל האבען זיך די ארבייטער בערוהיגט און די ציגע האבען אנגעהויבען ווידער געהן.

## II. יודישע נייעס.

רוסלאנד. אין ווילנא איז אנגעקומען די קאמיסיע, וואס דאס פעטערסבורגער קאמיטעט פון יק"א האט דארטען געשיקט, כדי זיך צו בעקענען מיט די ארדענונגען פון די ווילנער ביליגע היגיענישע דירות.

— דער משפט פון דעם יודישען געוועזענעם קיעווער סטודענט ישראל דאשעווסקי, וועלכער איז בעפאלען אויף דעם רעדאקטאר פון „זנאמיא" ה' קרושעוואן מיט א מעסער, וועט זיין דעם 25 אויגוסט פאר פארמאכטע טירען.

— אין דער קייזערליכער אוניווערזיטעט אין פעטערסבורג וועט מען היינטיגעס יאהר צונעמען דריי פראצענט יודען. ביז איצט האט מען נאר צוגענומען צוויי פראצענט.

— דאס מיניסטעריום פאר פאלקס-בילדונג האט ערלויבט איבער-צומאכען די יודישע פאלקס-שולע אין אדעסא אויף א יודישע האנדעלס-שולע, וועלכע וועט שטעהן אונטער דעם שוץ פון פינאנץ-מיניסטער.

— דעם 13 יולי האבען זיך די 5 קישינובער רבנים פארגעשטעלט פאר דעם נייעם גובערנאטאר פירשט אורוסאוו. דער פירשט האט זיי זעהר פריינדליך אויפגענומען, גערעכט יערען בעזונדער די הענט און אליין זיי צוגעטראגען א שטול צום זיצען און האט זיי ערלויבט מקבר צו זיין אים תשעה באב די 30 צעריסענע ספרי תורות לויט דעם יודישען מנהג.

עסטרייך-אונגארן. די אליאנץ אין וויען האט ביז דעם 3 אויגוסט צוזאמענגענומען פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב 216,000 קראנען.

דייטשלאנד. דער יודישער הילפס-פעראיין אין דייטשלאנד האט ביז דעם 3-טען אויגוסט צוזאמענגענומען 525,493 מארק פאר די קישינובער יודען.

ענגלאנד. פראפעסאר ישראל גאלאנץ אויס לאנדאן איז געווארען פראפעסאר אין דער קעניגליכער אקאדעמיע אין לאנדאן. ביז גאלאנץ האט נאך קיין יוד נישט געהאט אזא עהרענשטעלע.

ארץ-ישראל. אין די קאלאניעס וואס ביי יפו האט די עסט-רייכישע פאסט איינגעפיהרט נייע מארקעס, אויף וועלכע עס געפינען זיך העברייאישע ווערטער מיט א מגן דוד.

טערקיי. דער סולטאן האט נישט לאנג געלאזט אויפבויען א הויז פאר ארימעלייט פון אלע גלויבענס. איצט האט מען דארט אויך אויסגעבויט א שוהל צום דאווענען און א כשר'ע קיך, אלץ אויף דעם סולטאנס הוצאות.

---

# בריף פון פאריז.

מאכט דער ציוניזם פראגרעסען אין פאריז? האט ער א האפ-נונג אויך די היגע יודען פונ'ם לאנגען שלאף אויפצוּוועקען? ביז דער לעצטער צייט איז דאס גאר קיין פראגע גיט געווען. דער ציוניזם האט זיך געהאלטען ביי איינגע רוסישע יודען בעלי-בתים און בעלי-מלאכות, וואס האבען נאך א יודישען פונק אין זיך. און ארום די איינגע האט ער זיך געדרעהט ווי א זומער-פייגעלע ארום א לאמפ.

ווי איך האב שוין ערקלערט אין דעם פאריגען בריף האט אביסל די פאלקס-אוניווערזיטעט דעם גייסט בעלעבט און מען האט אנגעהויבען קוקען מיט בעסערע אויגען אויף דעם ציוניזם און אויף די ציוניסטען אליין. עס איז צו שפעט געווען, אז דאס זאל געבען גרויסע רעזולטאטען, אבער פטור בלא כלום אי אפשר, עס איז פארט געווען סימנים, אז דער ציוניזם געהט אין דעם פרייען פאריז אין א נייע פארם. מען האט דאס געזעהן איבערהויפט זייט עס איז ארויס א בוך איבער דער העברייאישער ליטעראטור, וואס ערקלערט, אז דער ציוניזם אליין קאן יודישקייט אויפהאלטען, און די פראנצויזיש-יודישע צייטונג „Les archives Israelites" וועלכע איז דערביי גאנץ ארטא-דאקסיש, האט געשריבען צוויי ארטיקלען איבער דער ליטעראטור און האט אנגעהויבען צו פארשטעהן דעם ציוניזם אלס ערנסטע פאלקס-בעוועגונג. אין דער זעלבע צייטונג האט דער פארפאלקאווניק בלאך, וועלכען מען האט לכתחלה צוגעצויגען צו דער פאלקס-

אוניווערזיטעט, אָבגעדרוקט איין אַרטיקעל איבער דעם ציוניזם, וואו ער פאָדערט אויף די פראַנצויזישע יודען דעם ציוניזם צו פאַרשטעהן און צו שעצען. אַבּיסעל שפּעטער האָבען מיר געזעהן, אַז דער דירעק־טאָר פון ראַבּינער־סעמינאַריום, וועלכער גרייט צו רבנים פאַר גאַנץ פראַנקרייך און פאַר די קאָלאָניען, הרב הגדול לעהמאַן, האָט אַריינגעשיקט אַ שקל, דאָס איז דער ערשטער פראַנצויזישער יוד, וואָס האָט איין אָפיציעלע שטעלונג און וואָס בעקומט געצאָהלט פון דער ממשלה, וועלכער שטעהט עפענטליך צו צום ציוניזם און וואָס האָט נאָכדעם אַפילו טייל גענומען אין די בחירות פון די דעלעגאַ־טען. עס פאַרשטעהט זיך, אַז אַנדערע האָבען איהם נאָכגעטאָן. אין דער זעלבּער צייט האָט פריילין פּראָפעסאָר שאך (זי שטאַמט אויס קורלאַנד און שרייבּט גוט העבּרייאיש) אין ווערסאַיל איין אָרטס־גרופּע געשאַפען פון בלויס פראַנצויזישע יודען. ווייטער האָט זיך אין אַלזשיר און אין דער פעסטונג בּיזערטע געבּילדעט גרופּען. בקיצור, אַז מען איז זיך צונויף געקומען איבערצורעדען דעם ציוניזם, האָט מען געפונען, אַז אין גאַנצען זענען דאַ 9 דעלעגאַטען צו וועה־לען. דאָס קאָמיטע פון פּאַריז מיט דעם מיטגליד פון'ם אַקציאָנס־קאָמיטע ד"ר מאַרמאָרעק אַלס פאַרשטעהער האָבען צעשיקט איינ־לאַדונגען אין די דריי פונקטען אויסער פּאַריז, וואָס האָבען געצאָהלט שקלים און האָבען בעקומען די דאָזיגע רעזולטאַטען: אין בּיזערטע אין אַפריקא האָט מען דעם באַנקיר כהן אויס פּאַריז אויסגעקליבען. אין ווערסאַיל האָט מען פריילין שאך און אין מאָנפּעליע (אַ סטודענטען גרופּע) הערן בוכמיל אויסגעקליבען. אין פּאַריז זענען געווען אויף 600 שקלים 16 קאַנדידאַטען. מען האָט צעשיקט אַלע שקל־צאָהלער ליסטען און 260 האָבען זיך אָנגערופען און האָבען אָנגעוויזען שריפטליך אָדער פערזענליך 6 נעמען. די בחירות זענען געווען אין פאָלקס־אוניווערזיטעט; איינציגע יונגע לייט, וואָס האָבען גענוג צייט, האָבען שטאַרק אַגיטירט און דער סוף איז געווען, אַז עס זענען אויסגעקליבען געוואָרען: ד"ר גאַרדוי, ד"ר מאַרמאָ־רעק, ד"ר יעקבסאָן, ה' אַרענשטאַם, ד"ר קליין און איין אונ־בּעקאַנטער הער האהן; אַלס קאַנדידאַטען אָדער ממלאי מקום זענען אויסגעקומען ה' שוואַבּסקי, פּראָף. ד"ר קריטשעווסקי און ד"ר סלושץ. עס פאַרשטעהט זיך, אַז פון פּאַריז וועלען מעהר ווי 6 דעלעגירטע געהן, אָבער ניט מיט פּאַריזער מאַנדאַטען. — 600 שקלים איז שוין עפּיס געפּועל'ט און איך גלויב, אַז קינפטיגעס מאָל וועט צום ווייניגסטען זיין 1000. די בחירות זענען געווען זעהר בעלעבּט. פיעל בעלעבּטער אַלס די בחירות פון דער חברה "כל ישראל חברים".

די טעג האָב איך גערעדט מיט איינעם פון די אָנפיהרער פון דער "יק"א" און הערט חדושים: די יק"א האָט זיך קוים אָרומגעזעהן, אַז דער בעסטער ישוב נאָך די אַלע קאָלאָניעס, וואָס זיי האָבען געמאַכט אין אַלע עקען וועלט, איז פאָרט אין ארץ ישראל, זיי האָבען געפּרובט די קאָלאָניסטען גענוג ערד צו געבּען, בּיז 30 העקטאַר אַ פאַמיליע. זיי האָבען די קאָלאָניסטען מעהר פרייהייט געגעבּען; מען האָט דעם וויין גוט פאַרקויפט אין פאַרשידענע לענדער און ליהודים היתה אורה ושמחה ויקר, עפּיס פרייהליך אויפ'ן האַרצען — און מלאך־רע בעל כרחו יענה אמן. די יק"א האָט שוין 4 נייע קאָלאָניען גע־גרינדעט און איבער אַ יאָהר וועט זי נאָך גרינדען קאָלאָניען. זעהט איהר ווי צייטען בּייטען זיך, און אַז די תורה, וואָס האָט אונז דער־ציילט פון איין ארץ זבת חלב ודבש און אַפילו די חובבי ציון, זענען גאָר ניט געווען אַזוי משוגע — שולדיג זענען די פיהרער געווען און גאָר די פיהרער.

דעם שבת צו נאַכט וואַרט מען אין פּאַריז אויף געסט: אויף דעלעגאַטען פון אַמעריקא, וועלכע וועלען קומען זיך בעראַטען מיט דער יק"א און מיט דער אַליאַנץ וועגען די לאַגע פון די קישינובער יודען און פון דער עמיגראַציאָן. איינע פון די פראַגען בעשטעהט אין דעם, אַז מען זאָל 200 פאַמיליען בעזעצען אין קליינאַזיען און 50 אַנדערע אין ארץ ישראל. וואָס דער סוף וועט זיין ווייסט מען נאָך ניט.

נאָך אַ נייעס: דעם קינפטיגען זונטאַג וועט אין דער יודישער פאָלקס־אוניווערזיטעט רעדען דער דאָקטאָר באַראָן האַנרי פאַן ראָטה־שילד איבער קינדער־היגיענע. דער געלעהרטער מיליאָנער וויל טאַקי זיינע אָרימע בּרידער מהנה זיין מיט זיין חכמה — מהיכא תיתא, בעסער ווי גאָר גישט און ניט יעדען קאָן אויסקומען צו הערען אַ ראָטשילד...

איך האָב אַפילו אויך געוואָלט רעדען פון וועלט־נייעס אין דער וועלט שטאָדט, עס איז אָבער דער "טויטער סעזאָן" — די אַלע גרויסע זענען זיך צעפאָהרען און פּאַריז לעבּט איצט אין די בּעדער און אין די בּערג און טאָלען — לאָז זיך זיי טאַקי דאָרט וואוהל לעבּען און מיר האָבען אַנדערע זאַכען אין זינען, ווי מענשען ווילען מען זאָל זיי לאָזען לעבּען און מען לאָזט זיי ניט.. נאָר דאָס וועט מען מסתמא אָרומרעדען ווי עס געהערט צו זיין אין באַזעל. מיר וועלען מסתמא ווייסען באַצייטליך.

ד"ר בדן.

# אַ מעשה פון פלאָמען.

איהר ווילט וויסען, וואָס פאַר מיני סחורות געפינען זיך אָט אין די אַלע פעסלעך, וואָס ליגען קופּעס־ווייז אָנגעוואָרפען, פונקט ווי די הרוגים און געראַנגעטע אין אַ גרויסע מלחמה, אויף אַלע סטאַנציעס פון דער גרויסער ליניע? יודישע לייב און לעבּען ליגען אין זיי!... איהר זעהט די שמאָלע ריטשקעלעך, וועלכע ציהען זיך פון די מיליע־מיליאָנען פעסלעך? מאַרך פון די יודישע בּיינער, בּלוט פון די יודישע הערצער, טרערען פון די יודישע אויגען איז דאָס!... אַ יאָ, אַ שיינער קאַליר? אָט אַזעלכע מינים פאַרבּען קאָנט איהר בעשטענדיג בעקומען, ווען איהר מאַכט אַ צונויפמישונג פון מאַרך, בּלוט און טרע־רען... ס'איז אַ זכר לחורבּות... און דערפון ווערד אַ בּלאַטע, אַ גרוי־סע, טיעפע בּלאַטע, אַזוי ווי פון אַלע יודישע פּרנסות...

איהר האָט עפּיס אַ געפיהל אין פלאָמען?... ניין, ניין! ווי קומט דאָס צו אייך? אַז איהר אַליין זענט גאָר פון יענע גובערניעס, — פון וואַנען־זשע זאָלט איהר וויסען, וואָס פלאָמען איז?... איך גלויב, אַז איהר עסט אַמאָל אַ ציטעס פון פלאָמען, אַז צוריק מיט יאָהרען פלעגט איהר עסען אַ קוגעל פון פלאָמען, "קישעלעך", המן־טאַשען פון פלאָמען, — אָבער מיר...

מיר עסען, טרינקען, שלאָפען אויף פלאָמען; אונזערע מלבושים זענען פון פלאָמען; מיר זענען מגדל אונזערע קינדער לתורה, לחופה

ולמעשים טובים פון פלאמען!... איהר פערשטעהט? אונזער מסחר, אונזער גאנץ טהועכץ — איז פלאמען!...

דער מסחר פון פלאמען איז־אין אונזער געגענד איינער פון די גרעסטע מסחרים און כמעט די איין און איינציגע יודישע פרנסה... דאס געשעפט איז אונז געבליבען בירושה. אונזערע טאטעס, זיידעס און נאך עלטער־עלטער זיידעס זענען געבוירען געווארען, געלעבט און געשטארבען אין זכות פון פלאמען, — מיר אויך אזוי... ס'איז א גאט זאך. מען זעהט עס ארוים בחוש. אפילו די ערד אליין פון אונזער גאנצער סביבה האט אויך א פנים שטארק ליב פלאמען, ווייל נאך מששת ימי בראשית וואכסען אויף איהר גאר פלאמען...

ווער בעדארף אזוי פיעל פלאמען? אויב אזוי, חכם מיינער, ווייסט אידר דאך גאר ניט דעם כח, דעם אמת'ן כח פון אונזערע פלאמען!... איהר מיינט, אז אונזערע פלאמען צעגעהען זיך און ווערען גענוצט נאר אין אונזער געגענד? איהר מיינט אז אונזערע פלאמען געהען נאר אן אין רוסלאנד, פוילען, טיעף ראסעע, קאווקאז און סיביר? אויב אזוי, — האט איהר א ווילדען טעות!... עסטרייך־אונגארן עסען אונזערע פלאמען; דער דייטש האט ליב אונזערע פלאמען; פראנציע מיט ענגלאנד קאנען זיך ניט בעגעהן אהן אונזערע פלאמען; איטאליע, איספאניע און די איבריגע קליינע און היבשע מלוכות בעדארפען אונזערע פלאמען; דער טערק זיט'ן פערם קוויקען זיך מיט אונזערע פלאמען, חאטשע זיי האבען זייערע אייגענע מאנדלען, ראזשינקעס, פייגען, טייטלען, באקסערען און מילגראמען. אפילו דער קיטאיעץ מיט'ן יאפאנעץ לעקען שוין אויך בגנבה די פינגער פון אונזערע פלאמען! איהר פערשטעהט?... ניט אומזיסט זאגט אונזער רופא (איין אייזערנער קאפ, א שארפער מח!): „בעת, עס וועט אין גיכען זיין אזא צייט, אז אלע שלאפקייטען וועט מע היילען נאר און בפירוש מיט פלאמען". און ער אליין — היילט שוין טאקי פון כמה וכמה יאהרען אלע מיני קראנקהייטען נאר מיט מצה און מיט פלאמען...

ביטער, ווי דער גלות, שווער, ווי דער טויט, איז די פרנסה פון פלאמען... נאך וואס־זשע האלטען מיר זיך ביי דעם מסחר? יוד וואס איהר זענט! מיר האבען דען א ברירה? מען גיט אונז דען אויף אויסצוקלויבען? ס'איז דאך א ירושה זאך, — מוז מען זיך האלטען מיט איהר... אודאי זענען ניט אלע ירושות גלייך! איינער לאזט זיינע קינדער א גרויס הויז, פיעל געלד, א גוזמא גאלד מיט ברילאנטען, — און איינער — א שלעכטען נאמען, א גרויסען פאק חובות, א מיאוס, רחמנא ליצלן, שלאפקייט... און דעם גרויסען, ביטערען גלות האבען מיר דען ניט בעקומען בירושה פון אונזערע אבות? און דער שווערער, שלעכטער טויט איז ביי אונז ניט קיין ירושה?... אין וואס בעשטעהט דאס שלעכטיגקייט פון דעם געשעפט?... ווארט צו א ביסל. איך וועל אייך באלד קלאר מאכען אין ענין...

פירות, פלאמען, מיין איך, זענען פרוכטען? פרוכטען וואכסען אויף די בוימער? בויער וואכסען אויף דער ערד? צו וועמען געהער די ערד? און יודען ביים לעבען מעגען קויפען, האנדלען מיט ערד?... איהר פארשטעהט? די פלאמען זענען די ביימערס, די ביימער זענען דער ערדס, די ערד געהער צו אנדערע, — וואס־זשע בלייבט פאר אונז?... דער שמן פונ'ם מסחר און דאס ווידער-קול פון די פלאמען... אט דא הייבט זיך אן די סדרה פון אונזער ירושה...

אונזערע עלטערן האבען געהאנדעלט מיט לופט און זענען געבליבען ביים ווינט, מיר האנדלען מיט רויך און בלייבען אהן אויגען און, אזוי ווי היינטיגס יאהר למשל, אהן געזונט און אהן לעבען... ווארט א ביסל צו. איך וועל אייך באלד קלאר מאכען אין גאנצען עסק...

דער פסח האט זיך נאך כמעט ניט געענדיגט. די בלאטע איז נאך גרויס, געדיכט און טיעף איבער'ן גארטעל. אין דרויסען איז נאך קאלט, נאס, אז עס נעמט דורך־און־דורך. די ביימער שטעהען נאך הויל, נאקעט. זיי ציהען זיך, שטרעקען אין אלע זייטען זייערע דארע אברים. די ביימער ציטערען, פלאטערען, שעפטשען עפיס. א פנים זיי בעטען הילף. ארום-און-ארום איבער די פעלדער און וועלדער הערשט א בלאטיגע, נאסע, קאלטע און טויטע שטילשווייגעניש... און מיר, אלע יודעלעך פון אונזער גרויסער סביבה, צעלאזען זיך שוין אויף גאטס וועלט און הייבען אן מעסטען גאטס ערד אין דער לענג און אין דער ברייט... ווי די פער'סמ'טע מייז, לויפען מיר אויף די דערפער, פליהען איבער די פעלדער און וועלדער. מיר קוקען, פרעגען, זוכען און נישטערען. מיר דינגען שוין סעדער, קויפען גערטנער, מיר האנדלען שוין מיט פלאמען...

דאס פלאמען-געשעפט איז א מזומן ארטיקעל. איהר האט צוטון מיט גוים. דער גוי איז ניט קיין יוד. ער ווייס ניט פון קיין גליקען... אמת טאקי, דערווייל פארקויפט ער אייך נאך א דבר שלא בא לעולם: נישט קיין תורה, נישט קיין סחורה, נאר ער גייט אייך דען? ווער לויפט איבער וועמען? ווער בעט וועמען? איהר ווילט קויפען מציאות? איהר ווילט האנדלען א קאץ אין זאק? בעצאהלט-זשע, זייט מוחל, מזומנ'ע קלינגערס!... איהר האט ניט קיין געלד? און בעלי-הלואות, יודישע בעלי־טובה'ניקעס, נאך וואס זענען בעשאפען געווארען אויף גאטס וועלט? אבי איהר האט שוין צו האנדלען א געשעפט, — וועט איהר שוין יאקאש בעקומען מיט וואס צו האנדלען אויך... איהר ווילט ניט צאלען קיין פראצענט? ביי אייך די ברירה: פארקויפט אייערע פלאמען די סוחרים פון פלאמען, נעמט געלד און קויפט פלאמען!...

איהר קאנט זיך דען פארשטעלען וויפיעל ארבייט, וועהטיגען און קאפדרעהנישען אין דעם געשעפט ליגט!... און צו די אלע גליקען, מוז נאך דער יוד פון אונזער סביבה א בעטלער אויך זיין. אודאי! אהן טארבעס אפילו און דאך א בעטלער... און פאר וועמען? די ערד איז די גוי'ם. און דער יוד, וואס ביים לעבען טאר זיך אפילו ניט צוריהרען צו איהר, — בעט אויף רעגען אין דער צייט, אויף א קאלט, עסעריג ווינטל נאכ'ן רעגען, אויף ווארעם אין דער צייט. מיט אונזערע תפלות בעדארפען מיר און מוזען פערטרייבען פון דער פרעמדער ערד די גרויסע ווינטען, שטארקע היצען, דעם האגעל, די שלעכטע ווערעם, פליגלעך און זשוקלעך... איהר פארשטעהט? מיר מוזען טאג ווי נאכט, אויפשטעהענדיג און לעגענדיג בעטען פאר'ן גוי, פאר'ן בעל-הבית פון דער ערד, פון די ביימער, פון אונזערע פלאמען... און מיר מוזען! מיר האבען קיין ברירה ניט, ווארען טאמער, חס ושלום, עפיס-וואס, — איז אונזערס, פרעמד געלד, די גרויסע קאטערזשנע הארעוואניע אונזערע, דאס גאנצע יאהר, די פרנסה מיט דער ירושה צוזאמען — פארפאלען, אויסגעמעקט און — שא!...

אזוי פיהרט זיך דאס געשעפט פון אייביג אן און... גאר ניט... מען לעבט און מע מוטשעט זיך; מען מוטשעט זיך און מע

לעבט ווייטער... גישט־קשה, דער גרויסער, ביטערער גלות איז א טייערער לעהרער, אונ מיר קאנען שוין, ברוך השם, נאך פון קינדער־הייט אן גאנץ הלכות צרות אויסענווייניג... דאכט זיך נעגוג? שוין? היינט גוה רעכט זיך גאר, אז פאר יודען קאן נאך בעשטענדיג זיין „ערגער" אפילו פון „ערגער"!...

אט דאס מין האט אונז געוויזען בחוש דער גרויסער בורא מיט'ן גערעטעניש פון פלאמען היינטיגס יאהר...

נאך פאר דעם יאהר, בעדארפט איהר וויסען, האבען מיר געהאט צוויי־דריי שלעכטע יאהר... וואס מיינט איהר: „שלעכטע"? ביטערע זענען זיי נאך אפילו ניט געוועזען, ווייל ווי ס'איז ניט — האבען מיר זיך נאך געקאנט דורכשלאגען, אויסדרעהען: א טייל זענען גאר קוים־קוים ארויסגעשפרונגען מיט'ן קרן אונ א טייל איז נאך עפּיס געבליבען אויך... דאס הייסט, ווי מיר פארשטעהען איצט, „ניט צו פארזינדיגען"... ס'איז גישט געראטען אונ שוין...

אט דערפון טאקי האט זיך א פּנים גענומען דער גאנצער אומגליק. איהר פארשטעהט? ערשטענס, זענען מיר געוועזען צו הונגעריג, שטארק דארשטיג: א קלייניגקייט, צוויי דריי יאהר כמעט אהן פּרנסה! צווייטענס, די קבלה... אונזערע מאמעס, זיידעס, עלטער־עלטער־זיידעס האבען געגלויבט, אז אויב צוויי־דריי יאהר גהען איבער שלעכטע, מוז דערנאך זיין א שטארק גערעטעניש, אונ...

אזוי ווי די הונגעריגע וועלף, האבען מיר זיך א ווארף געטאן, אנגעפאלען אויף אונזער ירושה... אונ ווען מיינט איהר? פאר פּסח, נאך פאר פורים אפילו! ווער האט עס צייט געהאט צו ווארטען!...

די ערד איז נאך געוועזען פארקאוועט אין פראסט; די ביימער זענען נאך געשטאנען מיט זייערע פארפרוירענע, אויסגעטרוקענטע צווייגען הויל, נאקעט, ווי די מאמע האט זי געהאט. אונ מיר, יודען, ווייבער, בחורים אונ בתולות האבען שוין געדונגען גערטנער, געקויפט סעדער אונ, ווי דער שטייגער איז, אהן איין איינגעטונקטער פעדער, אויפ'ן ווארט...

אז די גוים האבען דערזעהן, אז ביי אונז ברענט אזא העליש פייער, אז אלט אונ יונג, ארים אונ רייך לויפען אזוי אויף זייער ביז וואונדער, — האבען זיי זיך אין אונז נוקם געוועזען, ווי אין המן'ען. די זיבעטע ריפּ האבען זיי פון אונז אראבגענומען... וועגען געלד האט קיינער גאר ניט געוואלט קלערען. דאס בעסטע, שענסטע אונ טייערסטע האט מען פארזעצט, פארקויפט, אבי האנדלען א סאד, בעקומען א גארטען פון פלאמען...

די ביימער זענען נאך געוועזען פארזינקען אין זייער ווינטער־שלאף, האבען ערשט גאר אנגעהויבען חלומ'ן וועגען א ביסל ווארעם, א שטיקעלע זון אונ וועגען געגעל־וואסער, אונ ביי אונז אין די געדאנקען האבען מיר שוין געזעהן: שענע, אויסגעפוצטע ביימער אין גרינעס, ווייסען אונ בלויליכען קאליר פון גרויסע, פולע אונ פעטע פלאמען, פון וועלכע עס גיסען זיך טייכענווייז דער צוקער מיט האניג, אונ מיר האבען שוין געקויפט אונ פארקויפט גרינע, רויע, פארטיגע אונ טרוקענע פלאמען...

גוט, שען אונ גליקליך האט זיך אנגעהויבען דער זומער אונ דאס טאקי האט אונז ערשט געקוילעט, געמאכט פון אונז א תל־עולם...

שטיל, שען אונ מיט דער בעסטער טאס האט געווארעמט די זון. די רעגענס זענען געגאנגען שטילע, רוהיגע אונ צו דער צייט. די ביימער האבען זיך אויפגעכאפּט, אויפגעוועקט זייערע צווייגען, אנגעווארעמט, זיך גוט־גוט אבגעוואשען אונ האבען זיך אנגעהויבען צירען, פוצען אונ ארויספציהען אויף זיך די זומערדיגע מלבושים... א מין צוויט! זקנים געדענקען אזוינס ניט... די זוינטען, די גרעסטע אונ ערגסטע שונאים פון די פלאמען, האבען זיך היינטיגס יאהר, אזוי ווי אויף להכעיס, בעהאלטען אונטער די הרי־חושך אי בשעת די ביימער האבען געצוויטעט, אי אפילו ווען די פלאמען האבען אנגעהויבען פארשיטען די ביימער, וואכסען, טעהרען זיך פון שעה צו שעה...

איך האב אייך ערשט געזאגט: „אזוי ווי אויף להכעיס", ווייל דאס האט אונז שוין צום איבעריגען דערהרג'ט. קוים האבען די גוים דערזעהן אזוינע גרויסע שאנסען אויף אזא מין גערעטעניש האבען זיי באלד אנגעהויבען חרטה קריגען אויף דעם גאנצען עסק. איהר פארשטעהט? אז מען גלויבט זיי אויפ'ן ווארט, — פאר וואס זשע זאלען זיי ניט ברעכען דאס ווארט, ווען זיי טויג אזוי? אונ זיי האבען בעקומען חרטה, אונ האבען גענומען הוספות: צוויי־דריי מאל אזוי פיעל, פאדלוג מען האט מיט זיי געענדיגט פריהער, אונ זיי זענען גליקליך געווארען, אונ מיר... זענען אריין טיעף־טיעף אין זייער ערד אריין...

א תענוג איז געוועזען קוקען אויף די בוימער, ווען זיי האבען שוין ארויסגעצויגען אויף זיך דאס שענע מאנטעל פון די פלאמען, שען, גרויס, הויך ברייט אונ שווער זענען זיי געשטאנען פארטראכט, פאר'חלומ'ט...

אונ מיר האבען שוין גערעכענט די פורען פלאמען, וואס יעדער בוים קאן אראבגעבען פון זיך, אונ שוין געקלערט אונ בערעכענט אונזער פארדינסט...

נאך דריי... צוויי וואכען... נאך צעהן... אכט טעג גוטע היצען, אונ...

פלוצים האט זיך א לאז געטאן א דין רעגענדל... ס'איז געגאנגען געטריי, געשמאק א טאג דריי... די פלאמען האבען זיך אנגענומען מיט א קאלט נאסקייט, זענען געווארען שווער, האבען זיך אנגעהויבען שפּאלטען אונ אראבפאלען פאר דער צייט...

דער רעגען האט שוין אפילו אויפגעהערט געהן, גאר די זון האט מיט איינמאל אנגעווארען איהר ווארעמקייט, אונ פון דער נאסער קעלט האבען שוין די פלאמען אפילו פון די ביימער אנגעהויבען פוילען, אונ מיר האבען זיי געמוזט וואס גיכער אראבנעמען פון די סעדער אונ גערטנער...

איהר פארשטעהט? ווען די פלאם איז פארטיג, גוט־גוט אויסגעטרוקענט, אויסגעפרעגעלט פון דער זון, — לאזט זי זיך טרוקענען, קאן ליגען וויפיעל איהר ווילט, קאן געהן, הן אויף דער יבשה והן אויף די ימים, פון עק ביז עק וועלט אונ האט פאר קיין שום זאך קיין מורא ניט. אבער, אז די פלאם איז גאר קיינמאל ניט געוועזען פארטיג, האט זיך אנגענומען פול מיט נאסקייט, פייכקייט אונ פשוט וואסער, — דענסטמאל איז מען אויסגעשטעלט מיט איהר, אומגליקליך... גרויסע פרעסט דערהאלטען זי נאך ביי איהר כבוד: זי ווערד גיט אן איהר שענע צורה, חאטשע אין זיך טראגט זי צרות מיט וועהטיגען...

די פרעסט האבען דוקא א נעם געטאן באלד נאך סכות שטארק און מיט איינמאל, נאר די פרייזען... פלוצים — די פרייזען אויף פלאמען הויבען זיך פון טאג צו טאג. מיר ווייסען, פיהלען, אז זיי בעדארפען פאלען. זיי מוזען פאלען, און דא איז פונקט פארקעהרט. וואס איז? אין רוסלאנד און אין אויסלאנד הערט זיך, אז ביי אונז איז נישטא קיין פלאמען... די פרייז בעדארף שטעהן א קערבל א פוד, און דא ווערד — א רובל מיט פינפציג, זעכציג, פינף און זיבעציג... ס'האלט שוין ביי צוויי רובל מיט פינף... גזלנים, רוצחים, פארקויפטזשע די פלאמען! איהר ווייסט דאך, וואס פאר א מין צרה איהר קאנט זיך דערהאכיען מיט זיי! פארקויפט! ווערד רייך, ווערד גליקליך! עס האט אונז געהאלפען, ווי א טויטען באנקעס. וואס קלערט איהר? אז ס'איז בעשערט מענשען זאלען ברעכען די קעפ, — פיהרט עס זיי אראב פונ'ם וועג, זיי פערליערען מיט איינמאל דעם שכל הישר און... ברוך דין אמת!...

די פרייז האט זיך אזוי לאנג געהויבען ביז זי האט, נאך גיכער און נאך שטארקער, אנגעהויבען פאלען פון שעה צו שעה... די אויסלענדישע סוחרים ווערען קאלט, ווי איז, און די פרעסט זענען מיט איינמאל נעלם געווארען. ס'האט אנגעהויבען לאזען; די פלאמען הויבען אן שוויצען, ברענען, האבען בעקומען א בראנפען ריח; עס רינט, עס גיסט זיך פון זיי און...

איהר זעהט די שמאלע ריטשקעלעך, וואס ציהען זיך פון די מיליעמיליאנען פעסלעך, וועלכע פארפלייצען אלע סטאנציעס פון דער גרויסער ליניע? מארך פון די יודישע ביינער, בלוט פון די הערצער איז דאס!...

ישעיהו לערנער.

---

# אלטנייַלאנד.

(פארטזעצונג).

XXIII.

אין דער אפערע דערוויל געהט שבתי-צבי. די סצענע שטעלט פאר דעם פאלשען משיח, ווי ער ציהט צו זיך צו מאסען יודען, וועלכע גלויבען אין איהם. פרידריך בעמערקט:

„סע איז אבער מערקווירדיג, וואס אזעלכע שווינדלער האבען תמיד געפונען גלויבען אין פאלק".

דרויף ענטפערט דוד: „דאס איז לייכט צו פארשטעהן. ניט דאס פאלק האט געגלויבט אין זייערע דבורים, נאר פארקעהרט, זיי האבען געזאגט וואס דאס פאלק האט געגלויבט. זיי זענען א פראדוקט פון דער פאלקס-נשמה, וועלכע האט אין דער גאנצער לאנגער צייט פונ'ם גלות אויף קיין מינוט ניט אויפגעהערט צו גלויבען, אז סע וועט זיך אמאל צוריק אומקעהרען אין זיין פאטערלאנד. נאר דאס פאלק איז ניט אימשטאנד געווען צו פארשטעהן אויף וועלכען אופן סע קאן דיזער גלויבען פארווירקליכט ווערען. דרום האט עס געגלויבט יעדען משיח-שקר, וועלכער האט איהם צוגעזאגט די ישועה. ערשט אינ'ם סוף פון ניינצעהנטען יאהרהונדערט בעת אלע אנדערע פעלקער האבען אנגעהויבען זיך אליין צו דערפיהלען, איז אויך אונזער פאלק דערגאנגען, אז זיין הילף ליגט אין זיינע איינענע הענט און אזוי האט זיך דאס יודישע פאלק אויפגעהויבען".

צווישען צווייטען און דריטען אקט, קומט צו זיי אין דער לאזשע הער דאקטאר ווערקין, דער סעקרעטער פונ'ם פרעזידענט און בעט זיי אינ'ם נאמען פונ'ם פרעזידענט צו איהם אין דער לאזשע, סע שטעלט זיך ארויס, אז פרעזידענט פון דער נייער געזעלשאפט איז דער אלטער רוסישער אונגענדאקטאר, אייכענשטאם, מיט וועלכען זיי האבען זיך בעגעגענט צוריק מיט 20 יאהר ביי די חורבות פונ'ם כותל מערבי און אצינד האט ער זיי ווידער דערקענט און האט זיי געוואלט בעגריסען.

דער פרעזידענט דאקטאר אייכענשטאם איז אצינד שוין א גרייזגרויער מאן. פאר אונזער פאלק, זאגט ער, איז איצט די בעסערע צייט פאר מיר אליין אבער איז דעמאלט געוועזען די בעסערע. ווייל איך בין געוועזען יונג און קרעפטיג, איצט אבער בין איך אלט און שוואך. דאך מוזען מיר מיט אלעם צופרידען זיין, וואס סע מוז זיין...

פון די דבורים מיט'ן פרעזידענט און זיין טאכטער ווערען אונזערע לייט געוואויר, אז אין פאלעסטינע האט די מעדיצין דערלאנגט א זעהר הויכע שטופע. אז פון ארץ ישראל ווערד פארשפרייט די ברכה פון מעדיצינישער הילף אין אלע ארומיגע לענדער און אז בעזאנדערס בעריהמט איז דאס באקטעריאלאגישע אינסטיטוט פון פראפעסאר שטיינעק, דער ברודער פונ'ם ארכיטעקטאר שטיינעק, — וועלכעס איז כדאי צו זעהן. דוד זאגט זיי צו מיט דעם בעריהמטען מאן זיי נאך צו בעקענען, דער פרעזידענט בעט נאך ליטוואקען, אז ווען ער וועט מיט זיי קומען קיין ירושלים, זאל ער זיי צו איהם ברענגען און דערמיט גיט ער זיי די האנט אלס סמן, אז די אודיענץ איז געענדיגט.

אוועקגעהענדיג פונ'ם פרעזידענט שרייט קינגסקארט אויס:

„אייער פרעזידענט ווייזט אויס א גאנץ ערליכער יונג, נאר א ביסל שוין צו אלט. פאר וואס האט איהר גראד איהם אויסגעקליבען?"

„דאס קאן איך אייך זאגען מיט איין ווארט", ענטפערט איהם דוד, „מיר האבען איהם אויסגעקליבען דערפאר וואס ער האט ניט געוואלט".

„אהא, דאס איז נאך שענער!"

„יא, מיר האבען פון אונזערע חכמים בעקומען א כלל: דעם כבוד דארף מען געבען דעם, וועלכער אנטלויפט פון איהם".

(פארטזעצונג קומט).

משה קליינמאן.

---

# רוח.

(ענדע פון נומער 30).

כדי צו האבען א בעגריף פון וואנעט עס נעמט זיך דער רוח, וועלכער בעשאפט אזויגע אונגעהייער גרויסע אוצרות געלד, מוזען מיר זיך צוריק קעהרען צו די סחורות. א סחורה, ווי מיר ווייסען, מוז האבען אין זיך צוויי זייטען, א נאטירליכע זייט און א געזעלשאפטליכע זייט. די נאטירליכע זייט איז דער געברויך-ווערט — די איינענשאפט פון דער סחורה צופרידען צו שטעלען א געוויסע מענשליכע בעדערפניש; די געזעלשאפטליכע זייט איז דער טויש-ווערט — די מאס געזעלשאפטליכע ארבייט. וויפיעל עס דארף זיין אין איהר פארקערפערט. א טויש-ווערט אהן א געברויך-ווערט קאן קיין מאל ניט

'זיין. ווען א מענש וועט נעמען טון גישט קיין נוציגע ארבייט, ער מעג דערביי אנווענדען זעהר פיעל כח, וועט איהם דערפאר קיינער א גראשען געלד ניט געבען. דער טויש-ווערט מוז האבען א נושא, אין וואס ער זאל קאנען ווערען פארקערפערט, אהן דעם נושא קאן ער ניט זיין אזוי ווי די נשמה קאנען מיר זיך ניט פארשטעלען זי זאל קאנען עקזיסטירען, ניט האבענדיג א גוף, וואו זי זאל קאנען אויסנוצען איהרע אייגענשאפטען. דער טויש-ווערט איז דער סימוואל פון געזעלשאפטליכקייט אין יעדען געברויך-ווערט. ווען איינער א קונה קויפט א סחורה בעצאהלט ער פאר'ן טויש-ווערט פון דער סחורה, — פאר דער מאס ארבייט, וויפיעל עס איז אין איהם פארקערפערט און בענוצען אבער בענוצט ער זיך מיט דעם געברויך-ווערט פון דער סחורה — מיט איהרע נאטירליכע אייגענשאפטען.

ווען איינער למשל קויפט פלאקס בעצאהלט ער פאר דער מאס געז. ארבייט וויפיעל אין איהר איז פארקערפערט געווארען בענוצען אבער בענוצט ער זיך מיט דער אייגענשאפט פון פלאקס צו מאכען שטריק. טוך קויפט מען, כדי צו בענוצען זיך מיט די נאטירליכע אייגענשאפטען פון איהר צו מאכען א פאלטא א. ז. וו.

בכדי יעדער פראדוקט זאל ווערען א סחורה דארף ער האבען אויסער די דערמאנטע, נאך אייגענשאפטען; ער מוז זיין וועמענס עס איז אייגענטום, ער מוז האבען א בעל-הבית וועמען ער געהערט, וועלער עס זאל קאנען טון מיט איהם וואס ער וויל, א פרעמדע זאך קאן קיינער ניט פארקויפען און ניט איבערגעבען. אויסער ־ ז דארף זיך דער בעל הבית אין דעם פראדוקט ניט נייטיגען, ווען דער בעל הבית זאל דארפען און קאנען אליין זיך מיט איהר בענוצען וואלט ער דאך דאס ניט פארקויפט קיין אנדערען.

יעדע זאך, וואס ענטהאלט אין זיך די אלע אייגענשאפטען, ווערד א סחורה און מען בעצאהלט פאר איהר די מאס געזעלשאפטליכע ארבייט, וויפיעל עס דארף דויערען איהר בעשאפען.

ארבייטס-קראפט האט לויט דיזער הנחה אין די פריהערדיגע דורות, ווען עס האט געהערשט שקלאפעריי און שפעטער פאנשציניע, ניט געקאנט זיין קיין סחורה, ווייל דער בעל הבית פון דער ארבייטס-קראפט—דער מענש, האט ניט געהאט בכח זיך מיט איהר צו בענוצען, דער שקלאף האט געהערט דעם אדון מיט'ן לייב און לעבען, „כל מה שקנה עבד קנה רבו", אלע אייגענשאפטען, וועלכע זענען געלעגען אין עבד'ס גוף האבען געהערט דעם אדון. דאס גלייכען אין איין אנדער פארמע איז געווען אין דער עפאכע פון פאנשציניע. אליין בעלי בתים איבער זייער כח זענען די ארבייטער געווארען ערשט שפעטער, ווען דער גוף זייערער איז געווארען פריי, ווען זיי זענען ארויס פון דעם אדונים רשות און אריין ביי זיך אין אייגענעם רשות. כל זמן ווידער יעדער ארבייטער אדער אקערבויער האט געהאט זיינע אייגענע אינסטרומענטען, זיין אייגענע ווארשטאט און מעגליכקייט צו קויפען רויהע מאטעריאל, וועלכע זענען נייטיג צו שאפען פראדוקטען, איז ארבייטס-קראפט נאך אלץ ניט געווען קיין סחורה, דער ארבייטער האט זי אליין פארטון, ער האט זי אויסגענוצט פאר זיך און זיין אייגענע ווארשטאט.

שפעטער אבער, ווען די ענטוויקלונג פון קאפיטאל האט אנגעפאנגען געהן פארווערטס, ווען דער בעל מלאכה צוליב דער קאנקורענציע פון דער פאבריק און גרויסען האנדעל איז שוין מעהר ניט געווען בכלל אויסצוהאלטען איין אייגענע ווארשטאט, ווען ער איז געווארען אבגעריסען פון זיינע געצייג און האט זיין ארבייטס-קראפט מעהר אליין ניט געקאנט אויסנוצען — דענסטמאל ערשט ווערד ארבייטס-קראפט א סחורה און טרעט ארויס אויפ'ן מארק צוגלייך מיט אלע אנדערע סחורות.

אזוי ווי אלע סחורות האט אויך די ארבייטס-קראפט צוויי אייגענשאפטען: א נאטירליכע און א געזעלשאפטליכע (א געברויך-ווערט און א טויש-ווערט). די נאטירליכע זייט איז איהר אייגענשאפט איבער צו ארבייטען רויהע מאטעריאלען און פראדוקטען, וועלכע זענען נוצליך דער געזעלשאפט: ארבייט מאכט פון לעדער אפאר שטיוועל, פון פלאקס שטריק, פון אייזען אייזערנע געצייג און געווער א. ז. וו. די געזעלשאפטליכע זייט, דער טויש-ווערט איז די מאס געזעלשאפטליכע ארבייט, וויפיעל עס דארף ווערען אויסגענוצט, כדי צו בעשאפען די ארבייטס-קראפט.

ווי ווערד בעשאפען ארבייטס-קראפט, מענשליכע ענערגיע?

ארבייטס-קראפט איז ניט אזעלבסטשטענדיגע אייגענוויליגע זאך — דאס איז די אייגענשאפטען און פעהיגקייטען פון יעדען לעבעדיגען מענשען, דאס איז א טייל פון זיין מח, בלוט, מוסקעלען און נערווען און דעריבער קאן זי נאר עקזיסטירען מיט'ן מענשען צוזאמען און דוקא מיט אזא מענשען, וועלכער איז פעהיג צו דער ארבייט. א מענש קאן נאר זיין פעהיג צו דער ארבייט דענסטמאל ווען ער האט די געוויסע לעבענס בעדירפניסען, פון וואנען ער ציהט זיין חיונה און וויבאלד אז די דאזיגע לעבענס-בעדירפניסען בעשאפען די ארבייטס-קראפט איז גאנץ פארשטענדליך, אז דער טויש-ווערט פון ארבייטס-קראפט איז גלייך צו דער מאס געזעלשאפטליכע ארבייט, וועלכע עס דארף פארווענדעט ווערען, כדי צו בעשאפען די לעבענס-פראדוקטען, וועלכע זענען נייטיג צו דער חיונה.

די בעדירפניסען פון יעדען מענשען זענען גאנץ פארשידען, זיי געפינען זיך אונטער א געוויסער אבהענגיגקייט פון פארשידענע נאטירליכע קולטורענע און געזעלשאפטליכע בעדינגונגען, אין וועלכע דער מענש וואהנט.

אין די הייסע לענדער איז גענוג פאר'ן מענשען איין איינפאכע דירה, לייכטע קליידער און מאגערע שפייז, אין די קאלטע לענדער דארף שוין דער מענש האבען, בכדי צו האבען כח צו ארבייטען א גוטע ארום געזעהענע דירה, ווארעמע בגדים און פעטע שפייז א ז.וו. אין די ערשטע צייטען ווידער איז געווען רעכט צו געהן אבי ווי הויזען און לעדערנע שוך זענען געווען לאו דוקא, עס איז געווען רעכט צו געהן, זייט מיר מוחל, בלויז אין תחתונים. היינט, ווען דער קולטורעלער מצב האט זיך ענטוויקעלט, איז שוין נייטיג פאר יעדען מענשען ניט נאר לעדערנע שטיוועל, נאר אפילו גומענע קאלאשען, די צייט מען זאל זיך בעגניגענען מיט תחתונים אליין איז שוין לאנג אוועק.

דער ארבייטער לעבט ניט אייביג, ער ווערד עלטער און שוואכער און צוזאמען מיט זיין אלטקייט ווערד אלץ ביי איהם ווייניגער און שוואכער זיין ענערגיע און כח. און דעריבער מוזען די קונים, וועלכע קויפען די ארבייטס-קראפט אויך זארגען, אז די פאבריק, וואו

עֶס וֶוערְד בֶּעשַׁאפֶן דִי אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט זָאל הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג אַ קִיוּם. דֶער אַרְבֵּייטֶער קָאן הָאבֶּען אַ קִיוּם אוֹיף אֵייבִּיג אַזוֹי וִוי אַלֶע בַּעֲלֵי־חַיִים דֶערְמִיט וָואס עֶר וֶועט הָאבֶּען דִי מֶעגְלִיכְקֵייטֶען צוּ דֶערְלֶענְגֶערְן זַיין שְׁטַאם, דֶערְמִיט וָואס עֶר וֶועט קָאנֶען פִיהְרֶען אַ פַאמִילְיֶען־לֶעבֶּען אוּנ וִוי עֶס אִיז צוּ פַארְזָארְגֶען זַיינֶע קִינְדֶער, זֵיי זָאלֶען אִין קוּמֶענְדִיגֶען דוֹר פַארְבֵּייטֶען דִי עֶלְטֶערְן.

בֶּעשְׁטִימֶענְדִיג רִיכְטִיג דִי טוֹישׁ־וֶוערְט פוּן אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט, קוּמֶען מִיר צוּם שְׁלוּס, אַז דִי טוֹישׁ־וֶוערְט פוּן אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט אִיז דִי מָאס גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע אַרְבֵּייט, וִויפִיעל עֶס אִיז נֵייטִיג צוּ בֶּעשַׁאפֶען דִי נֵייטִיגֶע לֶעבֶּענְס פְּרָאדוּקְטֶען: דִירָה. קְלֵיידֶער, מְזוֹנוֹת, א. ז. וו., פַארְ׳ן אַרְבֵּייטֶער אַלֵיין אוּנ פַאר זַיין פַאמִילְיֶע לוֹיט דִי נַאטִירְלִיכֶע, גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע אוּנ קוּלְטוּרֶעלֶע בֶּעדִינְגוּנְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד, וואוּ דֶער אַרְבֵּייטֶער וואהְנְט.

---

דִי נוּצֶען פוּן דֶער אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט, וִוי מִיר הָאבֶּען גֶעזָאגְט, בֶּעשְׁטֶעהְט אִין דֶעם, וָואס זִי פַארְוַואנְדֶעלְט מַאטֶערִיאַלֶען, וֶועלְכֶע דִי נַאטוּר גִיט אוּנְז, אִין פְּרָאדוּקְטֶען, וָואס שְׁטֶעלֶען צוּפְרִידֶען דֶעם מֶענְשֶׁענְס בֶּעדֶערְפְנִיסֶען. כְּדֵי אִיבֶּער צוּ אַרְבֵּייטֶען רוֹיהֶע מַאטֶערִיאַל אוֹיף נוּצִיגֶע פְּרָאדוּקְטֶען מוּז מֶען הָאבֶּען גֶעצַייג, אָהְן גֶעצַייג, מִיט דִי הוֹילֶע הֶענְט, קָאן מֶען נִיט אַרְבֵּייטֶען. דֶערְפוּן אִיז גַאנְץ פַארְשְׁטֶענְדְלִיךְ, אַז קוֹנִים אוֹיף אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט קָאנֶען נָאר זַיין דִי, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אַי רוֹיהֶע מַאטֶערִיאַל אַי גֶעצַייג. פְּרָאסְט גֶערֶעדְט: דִי פַאבְּרִיקַאנְטֶען, נָאר זֵיי קָאנֶען זַיין קוֹנִים אוֹיף אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט.

אָט דָא אִיז דֶער הוּנְט בֶּעגְרָאבֶּען, דָא אִיז דֶער גַאנְצֶער סוֹד פוּן רֶוַח. דֶער פַאבְּרִיקַאנְט וֶוען עֶר קוֹיפְט לְמָשָׁל 100 שָׁעָה אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט בֶּעצָאהלְט עֶר נִיט 10 רוּבֶּל, אוֹיף וִויפִיעל דִי אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט וֶועט וֶוערֶען פַארְקֶערְפֶּערְט אִין דֶעם פְּרָאדוּקְט, וָואס וֶועט וֶוערֶען אוֹיסְגֶעאַרְבֶּעט, נָאר אַזוֹי פִיעל וִויפִיעל עֶס דַארְף דוֹיעֶרְעֶן דָאס בֶּעשַׁאפֶען דִי 100 שָׁעָה אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט, ד״ה פַאר זַייעֶר טוֹישׁ־וֶוערְט. אוּנ וֶוען דֶער טוֹישׁ־וֶוערְט פוּן 100 שָׁעָה אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט אִיז מֶעהר נִיט וִוי 50 שָׁעָה וֶועט דֶער פַאבְּרִיקַאנְט מֶעהר נִיט צָאהלֶען וִוי 5 רוּבֶּל אוּנ דִי אִיבֶּערִיגֶע 5 רוּבֶּל וֶועט זַיין דֶער רֶוַח. אוּנ נָאכְ׳ן סוֹחֵר׳שֶׁען יוֹשֶׁר טוּט דֶער פַאבְּרִיקַאנְט דֶעם אַרְבֵּייטֶער קֵיין שׁוּם עַוְלָה נִיט.

אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט — טַעֲנָה׳ט דֶער פַאבְּרִיקַאנְט — אִיז אַ סְחוֹרָה, וִוי אַלֶע סְחוֹרוֹת, אַזוֹי וִוי פַאר אֵיין אַנְדֶערֶע סְחוֹרָה בֶּעצָאהלְט מֶען נָאר פַאר דֶער צֵייט אַרְבֵּייט, וָואס אִיז פַארְקֶערְפֶּערְט אִין דֶער סְחוֹרָה, דִי זֶעלְבֶּע בֶּעצָאהל אִיךְ פַאר דֶער אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט אוֹיךְ אַזוֹי פִיעל, וִויפִיעל גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע אַרְבֵּייט אִין אִיהר אִיז פַארְקֶערְפֶּערְט. אוּנ וֶוען אִין אִיהר לִיגְט נָאר 50 שָׁעָה אַרְבֵּייט, (ד״ה דִי צֵייט אַרְבֵּייט וִויפִיעל עֶס דַארְף דוֹיעֶרְעֶן כְּדֵי צוּ בֶּעשַׁאפֶען לֶעבֶּענְס־מִיטְלֶען, וָואס זָאל גֶעבֶּען זֵיי אוֹיף 100 שָׁעָה), בֶּעצָאהל אִיךְ גַאנְץ עֶרְלִיךְ 5 רוּבֶּל. אַי וָואס אִיךְ נוּץ אוֹיס מַיין סְחוֹרָה אוּנ צִיה אַרוֹיס פוּן אִיהר 100 שָׁעָה אַרְבֵּייט אָדֶער מֶעהר, דָאס אִיז מַיין זַאךְ. דִי אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט נָאךְ מַיין אָפְּקוֹיפֶען אִיז מַיין אֵיינֶענְטוּם, מַיין סְחוֹרָה, אוּנ אִיךְ הָאבּ פָאלְקָאמֶע רֶעכְטֶען צוּ בֶּענוּצֶען זִיךְ מִיט דֶער נַאטִירְלִיכֶער זֵייט פוּן מַיין סְחוֹרָה.

---

אִיצְט וֶועלֶען מִיר זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען צוּ אוּנְזֶער צִיגֶעל־זַאוָואד וֶוען דִי צִיגֶעל וָואלְטֶען קָאנֶען בֶּעשַׁאפֶען וֶוערֶען נָאר פוּן לֵעהם, גֶעצַייג אוּנ הֶאלְץ אָהְן אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט, וָואלְט מַאקִי דֶער זַאוָואדְצִיק נָאר נִיט פַארְדִינְגֶען, וַוייל דִי אַלֶע עֶלֶעמֶענְטֶען גֶעבֶּען אִיבֶּער זֵייעֶרֶע טוֹישׁ־וֶוערְטֶען דֶעם קוּמֶענְדִיגֶען פְּרָאדוּקְט—צִיגֶעל אָהְן אַ שׁוּם שִׁינוּי, נִיט וֶוענִיגֶער אוּנ נִיט מֶעהְרֶער, וֶוערֶענְדִיג צוּזַאמֶען גֶעגָאסֶען אִינְאֵיינֶעם קָאנֶען דִי טוֹישׁ־וֶוערְטֶען נָאר בֶּעשַׁאפֶען אַזוֹי פִיעל נֵייֶע טוֹישׁ־וֶוערְט וִויפִיעל עֶס אִיז דֶער סַךְ־הַכֹּל פוּן אַלֶע דְרַיי צוּזַאמֶענְגֶעגָאסֶענֶע טוֹישׁ־וֶוערְטֶען. דֶער גַאנְצֶער גְלִיק אִיז אָבֶּער, וָואס כְּדֵי צוּ מַאכֶען פוּן דִי אַלֶע עֶלֶעמֶענְטֶען צִיגֶעל מוּז מֶען הָאבֶּען אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט (אִין אוּנְזֶער מָשָׁל בְּרוֹיךְ מֶען צוּ הָאבֶּען 30 שָׁעָה אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט), דִי אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט קוֹיפְט דֶער זַאוָואדְצִיק בַּיי 3 מֶענְשֶׁען צוּ 10 שָׁעָה בַּיי יֶעדֶען. פַאר דִי 10 שָׁעָה אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט בֶּעצָאהלְט אָבֶּער דֶער זַאוָואדְצִיק נִיט 10×10 קָאפּ׳ אַ גַאנְצֶען רוּבֶּל, נָאר עֶר רֶעכֶענְט אוֹיס וִויפִיעל הוֹצָאוֹת דֶער אַרְבֵּייטֶער דַארְף הָאבֶּען כְּדֵי צוּ בֶּעשַׁאפֶען כֹּחַ אוֹיף 10 שָׁעָה אַרְבֵּייט. אוֹיבּ צוּ אַרְבֵּייטֶען 10 שָׁעָה, וַוייסֶען מִיר, אַז עֶס אִיז גַאנְץ גֶענוּג דֶער אַרְבֵּייטֶער זָאל הָאבֶּען אֵיין אָרְט פַאר זַיין פַאמִילְיֶע צוּ שְׁלָאפֶען, שְׁפַּייז צוּ עֶסֶען וִוי עֶס פַּאסְט פַאר אֵיין אַרְבֵּייטֶער—מִיט אֵיין וָוארְט, אוֹיבּ אַ 10 שָׁעָה׳דִיגֶען אַרְבֵּייטְס־טָאג דַארְף דֶער אַרְבֵּייטֶער הָאבֶּען אוֹיף אַ טָאג חִיוּנָה, אוּנ אוֹיבּ אוֹיף דֶער חִיוּנָה בְּרוֹיךְ מֶעהר נִיט אַוֶועק צוּ גֶעהְן וִוי 50 קָאפּ׳, גִיט דֶער פַאבְּרִיקַאנְט יֶעדֶערֶען פוּן דִי דְרַיי אַרְבֵּייטֶער שְׂכִירוּת צוּ 50 קָאפּ׳ אַ טָאג. דֶער פַאבְּרִיקַאנְט בֶּענוּצְט זִיךְ אָבֶּער מִיט 10 שָׁעָה אַרְבֵּייט פוּן יֶעדֶען אַרְבֵּייטֶער, דִי אִיבֶּערִיגֶע 5 שָׁעָה בְּלֵייבְּט פַארְ׳ן פַאבְּרִיקַאנְט כּוּלוֹ רֶוַח. אוּנ וָואס מֶעהר אַרְבֵּייטֶער עֶס אַרְבֵּייטֶען אִין פַאבְּרִיק אָדֶער אִין זַאוָואד אִיז אַלְץ דָא מֶעהר רֶוַח. אוּנְזֶער זַאוָואדְצִיק בְּלֵייבְּט 15 שָׁעָה אִיבֶּערִיגֶע אַרְבֵּייט, דָאס הֵייסְט, אַז עֶר הָאט פוּן אַזַא קְלֵיינֶעם גֶעשֶׁעפְט וִוי אוֹיס אַרְבֵּייטֶען 100 צִיגֶעל, 1 רוּבֶּל 50 קָאפּ׳ רֶוַח.

דִי שָׁעוֹת נִיט בֶּעצָאהלְטֶע אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט, וָואס שְׁפַּייזְט דִי גַאנְצֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט אוּנ וָואס טוּט אוֹיף אַ זֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע אוֹצָרוֹת גֶעלְד אוּנ נָאךְ רַייכְטוּם, וֶוערְד אָנְגֶערוּפֶען מֶעהר־וֶוערְט. דֶער פַאבְּרִיקַאנְט בֶּעצָאהלְט טַאקִי פַארְ׳ן וֶוערְט, אָבֶּער דִי וֶוערְט גִיט אַ גַאנְץ גוּטֶען רֶוַח, אַ מֶעהר־וֶוערְט.

מִיר מוּזֶען בֶּעמֶערְקֶען, אַז דָאס וָואס מִיר זָאגֶען, אַז דֶער גַאנְצֶער קְוַואל פוּן רֶוַח אִיז דִי מֶעהר־וֶוערְט דִי נִיט בֶּעצָאהלְטֶע אַרְבֵּייטְס־לוֹין, מֵיינֶען מִיר דָאס נִיט אִין יֶעדֶע יְחִידִ׳ישֶׁע אוּנְטֶערְנֶעמוּנְג בֶּעזוּנְדֶער, מִיר רֶעדֶען וֶועגֶען דֶעם רֶוַח פוּנ׳ם גַאנְצֶען כְּלַל, פוּן אַלֶע אוּנְטֶערְנֶעמוּנְגֶען, וֶועלְכֶע גֶעפִינֶען זִיךְ אִין אוּנְזֶער גַאנְצֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט.

הַיינְטִיגֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט, וֶועלְכֶע אִיז גֶעבּוֹיט נָאר אוֹיף גֶעלְד, וואוּ גֶעלְד אִיז דֶער הוֹיפְּט־בֶּעוֶועגֶער פוּן אַלֶע אוּנְטֶערְנֶעמוּנְגֶען, דֶער רֶעכְטֶער מוֹשֵׁל אוֹיפְ׳ן מַארְק, בֶּעקוּמְט יֶעדֶער פַאבְּרִיקַאנְט דֶעם רֶוַח לוֹיט דֶער גְרוֹיס פוּנ׳ם קַאפִּיטַאל, וֶועלְכֶער לִיגְט אִין דֶער אוּנְטֶערְנֶעמוּנְג אוּנ נִיט לוֹיט דֶער מָאס נִיט בֶּעצָאהלְטֶע אַרְבֵּייטְס־קְרַאפְט. דִי מֶעהר־וֶוערְט בֶּעשַׁאפְט טַאקִי דֶעם רֶוַח פַארְ׳ן גַאנְצֶען כְּלַל אוּנ פַארְנַאנְדֶערְטֵיילוּנְג פוּן דֶער רֶוַח צוּ יֶעדֶען יָחִיד. בֶּעזוּנְדֶער שְׁפִּילְט דִי רָאלֶע דֶער קַאפִּיטַאל, עֶר אִיז דֶער רֶעכְטֶער רֶעגִירֶער אִין דֶער פַארְנַאנְדֶערְטֵיילוּנְג פוּן דֶער רֶוַח. וֶוען מִיר זָאלֶען נֶעמֶען אַלֶע הוֹצָאוֹת,

וואס די גאנצע געזעלשאפט גיט אויס אויף שכירות פאר ארבייטער און אלע הכנסות פון אלע אונטערנעמונגען, וועלכע געפינען זיך אין אונזער געזעלשאפט, מאכען א בילאנס און ארונטער ציהען די הוצאה פון דער הכנסה, וועט דער רעסט רוח זיין גלייך צו אלע ניט בעצאהלטע שעות ארבייטס־קראפט פון דער גאנצער געזעלשאפט—צו דער מעהר־ווערט.

איצט וועט אונז שוין קיין וואונדער ניט זיין, וואס מיר זעהען, אז פיעלע אונטערנעמונגען, וואו עס ארבייטען זעהר וועניג ארבייטער געבען פון דעסטוועגען א סך מעהר רוח, פאר די אונטערנעמונגען, וואו עס ארבייטען א סך מעהר ארבייטער, אין יעדען בעזונדערען פאל בעקומט דער פאבריקאנט זיין רוח ניט לויט דער סומע שעות מעהר־ווערט, וויפיעל זיין אונטערנעמונג שאפט, נאר לויט דעם גרויס פון קאפיטאל, וויפיעל עס איז פארהאן אין אונטערנעמונג.

די מעהר־ווערט קומט ניט אן דווקא דעם, ביי וועמען ער ווערד געשאפט, נאר אלע קאפיטאליסטען טיילען דאס צווישען זיך, טייל נעמט דער פראצענטניק, וייל ער לייהט דעם פאבריקאנט געלד, טייל נעמט דער סוחר פאר'ן אויסברענגען די סחורות, און איבערהויפט יעדער קאפיטאליסט, אויב ער לאזט זיין געלד אויף וואס עס איז נאר איין אופן, בעקומט א טייל מעהר־ווערט.

ווען מיר פארמולירען מאטעמאטיש דעם רוח פון יעדער אונטערנעמונג, קומט אויס, אז דער רוח איז גלייך צו די חלקים, וועלכע קומען ארויס פונ'ם צעטיילען דעם סך הכל פון אלע מעהר־ווערטען, וואס די געזעלשאפט שאפט אויף יחיד'ישע קאפיטאלען.

א. ש. זאקס.

---

# די וועלט־געשיכטע

(פארטזעצונג שטאט ענדע).

מיר ווילען אבער שוין אנהייבען צו בעטראכטען די בעארבייטונג פון דער געשיכטע אליין. ווער עס האט געהאט דאס גליק ארורכצוקומען דורך די הויך פאעטישע, געקינסטעלטע שפראכע פון ה' דינעזאהנס הקדמה, ווייסט, אז די פארהיסטארישע צייט ווערד איינגעטיילט אין דריי צייטען, פעריאדען: די שטיינצייט, די בראנז־צייט, די אייזענצייט. אמת, מען האט אמאל טאקי אזוי איינגעטיילט יענע אלטע צייטען, נאר אזוי ווי דער איבערזעצער האט בעארבעט זיין געשיכטע לויט די נייעסטע קוועלען, מוז ער מיר מוחל זיין, אז שוין אין די אכציגער יאהרען האבען היסטאריקער אנדערש געלעהרנט. זיי האבען ריכטיג בעוויזען, אז מענשען האבען מן הסתם פריהער בענוצט אייזען ווי בראנז. ווארום אייזען געפינט זיך כמעט אין אלע וועלט־טיילען. קוים האבען מענשען בעמערקט ווי אייזען שמעלצט זיך אין א גרויס פייער, האבען זיי געגראבען אייזענערדע, האבען זי געשמאלצען און האבען שוין געהאט אייזען. מיט בראנז איז שוין א שווערע זאך. בראנז איז א געמיש פון 9 חלקים קופער און איין חלק ענגליש צין. קופער איז שוין ניט אין אלע לענדער פאראנען, אזוי ווי אייזען; דאס שמעלצען איז זעהר שווער. צין איז אבער נאר דא אין 3 ערטער אויף דער וועלט, איז עס נאטירליך גאנץ שפעט בעקאנט געווארען. און צו פאלען אויף דער המצאה און פונקט צו טרעפען 9 חלקים קופער און 1 חלק צין איז ניט פון די לייכטע זאכען פאר א פארהיסטארישען ערפינדער. דעריבער האבען איינינע היסטאריקער אין די 80 יאהרען אנגענומען דעם סדר: שטיין, אייזען בראנז. היינט טיילט מען איין די מעטאל־צייט נאך דער שטיין־צייט, פון א בראנז־צייט רעדט מען גיט מעהר. הער דינעזאהן פארטייטשט דאס ווארט בראנז בזה הלשון: „בראנז דאס איז צוזאמענגעמישטע מעטאלען, ווי צין מיט קופער". נאטירליך, איז דאס ניט ריכטיג. (זעה Hestmann Chr. Studien z. vorgeschichtl Archaeologie. Braunschw. 1891). אויך טיילט דער איבערזעצער איין אלע מענשען אין דריי ראסען: שווארצע, געלבע און ווייסע. די ווייסע טיילט ער אין 2 פאמיליען, היינו די סעמיטישע — בני שם בן נח — און די אינדאגערמאנישע — בני יפת בן נח. מיר האבען געלערנט ביי בלומענבאך איינטיילען די מענשען אין 5 ראסען: שווארצע, למשל נעגער; געלע, למשל חינעזען; קופערפארבינע, למשל אמעריקאנער; מאלייעשע, דאס הייסט געלברוינע, און קאווקאזישע, דאס הייסט די ווייסע. אין אלע שולביכער איז אנגענומען די דאזיגע איינטיילונג אלס וויסענשאפטליך פעסט; זי איז געשטיצט ניט אליין אויף דעם חילוק פון דער הויטפארב פון אלע פארשידענע פעלקער, נאר אויף דער מאס פון דער טשערעפ (שארבען, גלגולת), וועלכע בלומענבאך האט דאס גאנצע לעבען געמאסטען און שטודירט. קיוויע, א פראנצויזישער געלעהרטער, האט אביסל אנדערש איינגעטיילט די ראסען, נאר אויך אין 5 גאטונגען. אנדערע חכמים, ווי רעטציוס, פעשעל, העקעל, פר. מילער, האבען איינגעטיילט די מענשען אין מעהר ראסען, ביז 63; איינער גאר—ביז 150. פון וואנען אונזער איבערזעצער קומט צו דער איינטיילונג פון 3 ראסען, ווייס איך ניט. מען זעהט, ער האט פשוט פארגעסען צו רעכענען די קופער־ראסע די אמעריקאנישע און די מאלייאישע. אפשר וועט איהר מיר זאגען, וואס איז פאר איין אומגליק, אז ער האט פארגעסען צו רעכענען די אמעריקאנישט ביי דער איינטיילונג פון ראסען? ווער עס האלט דאס פאר א קלייניגקייט דער לערנט איבערהויפט ניט קיין וועלט־געשיכטע. אין דער וויסענשאפט איז דאס א גרעסערע חטא, ווי פארגעסען יעלה ויבא ביים בענטשען. עס זעהט אויס, ווי איינער בויט א הויז און האט פארגעסען טירען און פענסטער אריין צו שטעלען. — נאך דעם ווי ה' ד. טיילט ווידער איין די ווייסע ראסע אין 2 הויפטפאמיליען, זאגט ער בזה הלשון: „די שווארצע ראסע (היינו די נעגער־ראסע), ווערד אויך אנגערופען חאמיטען, בני חם בן נח, אדער קושיטען, כושים". דא קאן איינעם שוין אויסגעהן די געדולד. מילא אז א בעריהמטער יודישער שריפטשטעלער מאכט פעהלער אין די חכמות חיצוניות, האט ער אויף דערויף א קנאפען תירוץ; אלס דיכטער, ראמאנשרייבער, קאן ער אפשר יוצא זיין מיט זיינע ידיעות; נאר צו וואס פארדרעהסט דו דער וועלט א קאפ מיט וועלט־געשיכטע? נאר אז א יודישער שרייבער איז פרעמד פון תנ"ך און פון שכל הישר, דאס איז איהם געוויס ניט מוחל צו זיין. יעדער ווייסט פון חומש, אז נח האט געהאט 3 זיהן: שם, חם, יפת. אין בראשית, קאפיטעל 10, זענען אויסגערעכענט אלע פעלקער, וואס קומען ארויס פון שם, פון חם, פון יפת. די חכמים, וועלכע שטודירען די פעלקער, הגם זיי האבען ניט ליב אונזער חומש, האבען אבער זיך גענוי איבערצייגט, אז די איינטיילונג אין חומש איז ריכטיג און פעסט. דאס קאפיטעל 10 פון בראשית איז געווארען ביי

אלע חוקרים א יסוד, איין אלף־בית פון דער פעלקערקונדע. זיי רופען אן דאס קאפיטעל פעלקערטאפעל. עס זענען געשריבען געוואָרען דעריבער גאנצע שענק מיט ספרים אונ ארטיקלען. ווער עס איז נאר א שמיקל ספרים-לייענער האט געוויס ערגעץ געטראָפען א שמועס וועגען דער פעלקערטאפעל. די הויפּטארבייט אין דעם דאזיגען ענין איז פון מיכאעליס, ראזענמילער, י. מילער, קנאבעל, קרוקע, קיפערט וכו'. אונזער איבערזעצער אבער מאכט זיך גאר ניט וויסען אונ וויל די חאמיטען ניט ציהלען צו דער ווייסער ראסע, מיט זייערע ברידער סעמיטען אונ יאפעטידען (בני יפת), נאר דווקא מאכט ער פון זיי גאר שווארצע אונ רעכענט זיי צו דער שווארצער ראסע. אונ ווי איז גלאט דער שכל, אז נח האט געהאט 3 זיהן איז איינער געוועזען שווארץ, ווי איין אבגעפוצטער שטיוועל, מיט גראבע ליפען, מיט געקרייזעלטע האר. אונ 2 זענען געוועזען ווייסע, איינער האט אויסגעזעהן ווי א יוד אונ דער אנדערער ווי איין ענגלענדער?

(ענדע קומט).

ה. קירשענבוים.

## ליטעראטור אונ קונסט

**דברי הימים לבני ישראל**, מאחרית האלף החמישי ועד ימי הדור האחרון ביד מ. ברוינשטיין (מבש"ן) חלק שלישי הוצאת חברת אחיאסף. ווארשא תרס"ג.

(די יודישע געשיכטע פון ענדע דעם 5-טען טויזענט ביז אויף די לעצטע צייט. דורך מ. ברוינשטיין (מבש"ן) דריטער טייל. אויס־גאבע „אחיאסף".)

מיט דעם חלק ענדיגט זיך אין גאנצען דאס ווערק, אין וועלכעם די גאנצע יודישע געשיכטע איז אין קורצען, ווי פאר מיטעלע יודישע שולען, אויסגעשריבען. קיין וויכטיגער פארפאל אין דער יודישער געשיכטע איז אין איהם נישט דורכגעלאזט אונ די שפראכע איז א לייכטע אונ א פארשטענדליכע.

— דער ווילנער חזן א. בערנשטיין האט פערפאסט א מעלאדיע צו פרוג'ס לעצטען ליעד „האט רחמנות".

## אלערליי.

— א לעזע ביבליאטהעק פאר בלינדע. האט זיך געעפענט אין ציריך (שווייץ), אין וועלכע עס געפינען זיך ביכער, וואס זענען ספעציעל געדרוקט פאר בלינדע אונ האבען א בולט'ע שריפט, וועלכע די בלינדע טאפען עם מיט די פינגער. דאס איז די ערשטע ביבליאטהעק אין דער וועלט, וואס איז געגרינדעט געוואָרען פאר בלינדע. ביז איצט זענען אזוינע ביבליאטהעקען געוועזען נאר אין די אינסטיטוטען, וואו מען לעהרנט די בלינדע לעזען.




### I. אלגעמיינע נייעס.

— אין מינסק האט מען אויסגעארבייט א פלאן צו גרינדען אין רוסלאנד א סעמינאריום פאר לעהרערינען.

— אין דעם יאהר 1902 האבען אין דייטשלאנד 11 פרויען בעקומען דעם טיטעל דאקטאר. 4 פון זיי זענען געוואָרען דאקטאר מעדיצין, די איבעריגע האבען אויסגעשטודירט פילאזאפיע, פילאלאגיע, קונסט-געשיכטע, עקאנאמיע, געאגראפיע אונ זאאלאגיע.

— אין היידעלבערג (דייטשלאנד) איז פרייליין האמבורג אויס ברעסלוי געוואָרען אסיסטענט אין דעם זאאלאגישען אינסטיטוט.

— א שוועסטער פון דער געוועזענער סערבישער קעניגין דראגא, איז אנגענומען אין זשענעווער אוניווערזיטעט צו הערען לעקציעס.

## וועגען פרויען ערציעהונג.

נישט אויף דעם מאנסביל,-נאר אויף די פרויען ליגט דער וויכטיגסטער חוב: „די ערציעהונג פון די מענשהייט".
רעסקין.

I.

א דייטשער פילאזאף פיכטע זאגט, אז דער אמת קומט ארויס פון יושר, אז די מענשען, פערלאנגען נישט לויט דעם שכל, נאר זיי אורטיילען לויט זייער פערלאנגען, אז יעדער געדאנק קומט ארויס פון הארץ אונ דעריבער איז די היסטאריע פון אונזערע געדאנקען נישט מעהר ווי די היסטאריע פון אונזער הארץ.

די ווערטער, וועלכע פיכטע האט עס געזאגט אין א פילאזא־פישע שפראכע פאר מענשען, וואס בעשעפטיגען זיך מיט פילאזאפיע, זענען א ביסל נישט פערשטענדליך פאר דעם געוועהנליכען מענש, וואס האט וועניג געלערענט אדער געלעזען פילאזאפישע ווערק. די כונה פון זיינע ווערטער איז, אז דאס וואס ביי דעם מענשענס יושר, ביי זיין חוש ראַקטער קומט אויס צו טון, דאס מיינט ער איז דער אמת. פיעלע מענשען טוען שווערע פערברעכען אונ ווייסען גאר נישט אז זיי טוען א פערברעכען, ווייל דאס הארץ זייערס גליסט שטארק נאך דער עבירה, קומט זיי אויס, אז באמת מעג מען דאס טון, אז עס איז גאר נישט קיין פערברעכען.

„אלע מיינע איבערצייגונגען" — זאגט ווייטער דער פילאזאף — קומען ארויס פון מיינע לוינען, אבער נישט פון מיין שכל אונ נאר דאס פערבעסערען דאס הארץ קאן ברענגען צו די אמת'ע חכמה.

די כונה פון די ווערטער איז אז דער געדאנק פון מענשען איז לויט ווי ער איז געלוינט. איז דער מענש, ביי גוטער לוינע קומט איהם אויס, אז אלצדינג איז גוט אונ שען, טאמער אבער איז ער אין א שלעכטער לוינע קומט איהם די אייגענע זאך אויס שלעכט אונ מאוס. דעריבער אז מען וויל אז די חכמה זאל ריכטיג איבער אלץ אורטיילען, דארף מען פריהער דאס הארץ אויסבעסערען, אז עס זאל פערלאנגען נאר גוטס, וועט שוין דער שכל ממלא פאלגען דעם פערלאנגען פונ'ם הארץ.

יעדער פון אונז, ווען ער זאל טיעפער זיך צוקוקען צום אייגענעם לעבען, וועט באלד בעמערקען ווי ווייט אמת עס זענען די ווערטער פון דעם דייטשען פילאזאף. עס איז גענוג מען זאל נאר איין טאג גוט בעטראכטען אלץ וואס מיר האבען אין דעם טאג געטאן, וועלען מיר דערזעהן, אז אלצדינג, אפילו די געדאנקען, וואס האבען אונז געבראכט דערצו מיר זאלען דאס אדער יענס טון, קומען נישט ארויס פון דעם שכל, נאר פון דעם הארץ.

(פארטזעצונג קומט).

נ. מולנער.

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v, S, L Deutscher Podgorze b .Krakau

## אויף דעם זאמעל־בוך „הילף“

זואס ד' גאנצע הכנסה געהט פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

**(פרייז 1 רובל מיט פארטא)**

**אלעקסאנדראוו:** פ. מ. גאלדבערג (7 עקז.) — **אנטאנאווקע:** י. איזראעל ט. — **ארגייעוו:** פייגע אמבורד, ס. באלאן, א. בערסוצקי, ד. בערקאוויטש, י. בראהאר, ל. בראנאווער, מ. גרויסער, מ. טשולסקי, ל. מונדריאן. צ. מילשטיין, ח. פאלאנסקי, ב. פוכער, ב. פינקעלשטיין, ל פינקעלשטיין, א. קליימאן, מ. ראוויטש — **באחמוט:** די ביבליאטהעקע, דעגלין, ליבין, מאסין, מארדקאוויטש, ליכטענשטיין, קאנדרעגאר, קאניקאוו. — **באראנאווקא:** מ. טאקסאר. — **באלטא:** רחל ריעזניק. — **ביעלאפאלע:** י. מ. ראחמאשאוו. — **בענדערי:** י. מאזניקער. — **דובאסארי:** ז. פלאם — **ווישנעוו:** חנה לייבמאן, **יעקאטערינאסלאוו:** א. אלענעוו (2 עקז.). — **לאדז:** י. נ. סטאלקין, ח. מ. פעטראקאווסקי, א. פערלמוטער. — **לעאווא:** ש. אויערבאך, ש. אייזענדלער, א. אפעל, ד. אקסמאן, נ. אקערמאן, מ. ארזאנטער, ארפין, א. באלאבאן, מ. באלצאן, י. י. בוכמאן, י. ח. בוכזאן, נ. בוכמאן, צ. ביכמאן, נ. בייסמאן, נ. בינזי, ש. ל. ביגעלדרצט, ע. בלאנק, מ. בערגשטיין, א. בערינשטיין, ו. בערקאוויטש, י. בערקאוויטש, ש. בערקאוויטש, ז. גאלד, י. גאלד, צ. גאלדמאן, י. גאלדענבערג, ב. גאנזער, מ. גוטערמאן, י. גליקמאן, ד. גרינשטיינער, י. דאווידאוויטש, ד. האלטמאן, י. האניגבערג, מ. האניגבערג, י. הויכמאן, צ הורוויטש, ד. הושמאן, י. הערצין, מ. וואלצער, י. ווייסגאלד, מ. ווייסגאלד, י. ווייסמאן, מ. ווייסמאן, א. ווינדערמאן, פ. וועלצער, ט. וועקסלער, י. זאראוו, צ. זינגער, י. זעלינגער, א. חאריטאן, צ. חזן, ש. חזן, ש. טייטעלמאן, א. יאראשעווסקי, ש. יאראשעווסקי, ה. ח יענקעלעוויטש, מ. יעקילזאהן, א. כהן, ד. כהן, יוסף כהן, יהושע כהן, ישעיהו כהן, י. כהנא, י. ליבערמאן, מאלדאזוער, א. מיילאנד, מיכל, מ. מלמד, מ. מערמסקי, מרמר, ש. נאדילמאן, א. סאקציער, ר. סאקציער, ל. סופר, מ. עדעלשטיין, מ. ערליך, א. פיינשטיין, ב. פיינשטיין, י. פיינשטיין, מ. פיינשטיין, ק. פירשטיין, מ. פישמאן, צ. פישמאן, ש. פישמאן, צ. פראנק, י. פרוכטמאן, י. פרידמאן, י. צווילונג, ח. צוקערמאן, ז. קאבלאנסקי, ב. קאנטאר, מ. קאנטאר, ד. קאנסטאנטינאווסקי, י. קאפמאן, מ. קויטש, ב. קיטאר, מ. קיסלער, א. ראבינאוויטש, י. ראבינאוויטש, ר. ראזענבלאט, ד. רובינגער, ל. רויזענבערג, י. ריישער, ח. שאפאטשניק, י שאפאטשניק, צ. שאפאטשניק, אליהו שאפער, אברהם שאפער, נ. שאפער, ד. שאפער, יוסף שאפער, ישראל שאפער, מ. שאפער, מ. שווארץ, י. שווארצמאן, א. שולמאן, י. שטיינבורג, נ. שטיינבורג, מ. שיינפעלד, מ שכיניקונו, י. שלימאוויטש, י. שעכטער, י. שפינדער, י. שפירא — **מאסקווע:** פיקאר. — **מאריופאל:** נ. יעלעשצער **מיטאווא:** ר. יודלאוויטש. — **מלאווא:** אדעל גאגאליק. — **נאוואגראד־וואלינסק:** א. י. גאלדמאן. — **סארני:** ד. בערגעלסאן, נ. זעלצמאן, חיה חערסאנקי, ברכה קאטליאר, א. רייזניק. — **סיניוחא:** א. קאשצעוואטסקי. — **פרידריכסהאף:** ל. מעדאליע. — **קאזימיר:** ח. פריד. — **קאפאי־גאראד:** י. ג. ספעקטאר. — **קיעוו:** ח. חאטאוונער. — **קריוואי־ראג:** נ. א. פינקעלשטיין **ראמנע:** ש. א. גיטיק. — **ראסטאוו:** מ. ראזענבערג (3 עקז) — **רינא:** וו. יאקאבאוויטש, ע. שלאסבערג. — **שקודי:** מ אבראמאוויטש.

ס"ה: 189 עקז.





**דֶער עֶרְשְׁטֶער בַּאנְד פוּן „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם׳ס אַלֶע װערק“ אִיז שׁוֹין אַרױס פוּן דְרוּק און צֶעשִׁיקְט גֶעװָארֶען אַלֶע אַבּאָנֶענְטֶען װָאס הָאבֶּען אױסגֶעשְׁרִיבֶּען מִיט דִי װערְק.**

### אִינְהַאלְט פוּן עֶרְשְׁטֶען בַּאנְד:

I. דֶער עֶרְשְׁטֶער אַרױסְפָאהר. אֵיין אֱמֶת׳ע מַעֲשֶׂה װי אַזוֹי צְװײ יוּנְגֶע פֵייגֶעלֶעךְ, װָאס הָאבֶּען נִיט אָנגֶעקוּקְט רֶעכְט דִי לִיכְטִיגֶע שַׁיין, פְלִיהֶען אַרױס דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל אוֹיף גָאטְס װֶעלְט.

II. דָאס מֶעסֶערְ׳ל. א טְרױרִיגֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דִי קִינְדֶער־יָאהרֶען.

III. טֵבִיָה דֶער מִילְכִיגֶער. דְרַיי סִפּוּרֵי מַעֲשִׂיוֹת.

1) דָאס גְרױסֶע גֶעװִינְס.

2) אַ בּוֹידֶעם.

3) הַיינְטִיגֶע קִינְדֶער.

IV. אױפְ׳ן פִידֶעל. אַ מַעֲשֶׂה.

**דִי אִיבֶּערִיגֶע 3 בֶּענְדֶער װֶעלֶען צֶעשִׁיקְט װֶערֶען יֶעדֶע זֶעקְס װָאכֶען א בַּאנְד, אַזוֹי אַז בִּיז צוּם סוֹף יָאהר װֶעלֶען אַלֶע 4 בֶּענְדֶער צֶעשִׁיקְט װֶערֶען צוּ דִי אַבּאָנֶענְטֶען.**

אַבּאָנָאמֶענְטְס פְּרֵייז:

פוּן 1־טֶען יוּלִי בִּיז צוּם סוֹף יָאהר דִי יוּדִישֶׁע „פָאלְקְס־צײטוּנג“ צוּזאַמֶען מִיט דִי 4 בֶּענְדֶער „שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם׳ס אַלֶע װֶערְק“ — 4 רוּבֶּל, פַאר א הַאלְבּ יָאהר צוּזאַמֶען נָאר מִיט 2 בֶּענְדֶער 3 רוּבֶּל, פַאר א פִיעֶרְטֶעל יָאהר צוּזאַמֶען מִיט 1 בַּאנְד 1.50 רוּבֶּל.

דִי צײטוּנג אָהן דֶער פְּרֶעמְיֶע: 1 רוּבֶּל א פִיעֶרְטֶעל יָאהר, 2 רוּבֶּל א הַאלְבּ יָאהר. שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם׳ס אַלֶע װֶערְק אָהן דֶער צײטוּנג פֶערְקױפֶען זִיךְ נִיטִ׳

מיר בעטען די וועלכע ווילען אבאנירען די צייטונג אליין, אדער מיט דער פרעמיע זאלען זיך בעאיילען אויסצושרייבען אין דער צייט, ווייל די צייטונג און די פרעמיע דרוקען מיר נאך א געוויסע צאהל עקזעמפלארען.